# בילדער פון לעבען

פון

דוד דרובין

אויגוסט — 1943

מאנטרעאל, קאנאדע

# פאָרוואָרט

ווער פון אייך געדענקט ניט די אַמאָליגע זיסע היים אין די יונגע קינדער־יאָהרען, וואו יעדע זאַך איז געווען ליב און געשמאַק, סיי אין די חדרים און סיי אין בית־המדרש און אַפּילו די שכנים פון גאַס. דאָס ליבע רוהיגע שטעדטעלע מיט זיסע חלומות פון יענע צייטען, וועגען גרויסע שטעדט און געדאַנקען אָנצוקוקען די גרויסע וועלט, און ווי אַזוי אידען האָבען פאַרבראַכט אַ לעבען־לאַנג אַרום רבי׳ן׳ס טיש, און שטענדיג זיך געקוויקט דאָס האַרץ מיט בטחון און טיפען גלויבען אין ,,השגחות הבורא.״

יענע יאָהרען לאָזען זיך קיינמאָל ניט פאַרגעסען און בלייבט טיף אין זכרון.

אין מיין צווייטען בוך וואָס איך גיב אַצינד אַרויס ,,בילדער פון לעבען״ וועלען מיינע צאָלרייכע פריינט און סתם לייענער פון אידישען בוך זיך קענען אָפּשפּיגלען כמעט זעהר אייגענעם לעבען פון אַמאָליגער צייט ווי אויך זיך דערמאָנען אין די קינדער יאָהרען מיט אַ האַלבען יאָהר־הונדערט צוריק, וואו דאָס לעבען איז ניט געווען אַזוי שטורמדיג ווי אַצינד..

יעדע בילד איז אַ באַזונדער קאַפּיטעל פאַר זיך און פאַר־שאַפט אַ סך געשמאַק און גייסטיגען פאַרגעניגען.

ד ו ד  ד ר ו ב י ן.

# אינהאַלט


| | |
|---|---|
| | זייט |
| קאַרטעז און פריינט .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... | 9 |
| די רומענישע שיף .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... | 13 |
| אויף די עלטערע יאָהרעז .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... | 18 |
| מ׳בויעט אַ גימנאַזיע .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... | 23 |
| אַ פּאַסירונג אין לעבעז .... ... .... .... .... .... .... .... .... .... | 26 |
| אַ מאַמע׳ס האַרץ .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... | 29 |
| אַ אידישער קאַפּיטאַז .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... | 34 |
| אַ יום־טוב אין קלויסטער .... .... .... .... .... .... .... .... .... | 38 |
| שבת נאָך טשאָלענט .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... | 43 |
| מיין דריטער רבי .... .... .... .. . .... .... .... .... .... .... | 47 |
| אַ אידענע בלייבט אַ אידענע . . .... .... .... .... .... .... .... | 52 |
| דעם טאַטענ׳ס נחת .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... | 58 |
| שרה די בעקערין .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... | 63 |
| לייבעלע שמש .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... | 66 |
| באַשערט .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... | 70 |
| אַ באַגעגעניש .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... | 74 |
| אַ וועלט רייזענדער .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... | 80 |
| דעם רבינ׳ס קוויטעל .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... | 86 |
| גרישאַ דער אַפּטהייקער .... .... .... .... .... .... .... .... .... | 90 |
| אַ חתונה אויף שפּאַס .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... | 93 |
| פּאַרענדיג אויפ׳ן שיף .... .... .... .... .... .... .... .... .... .... | 97 |

# קאַרטען און פריינט

## אַ מאָנאָלאָג

אַקעגען דעם וואָס איהר זאָגט פריינדשאַפט ביי קארטען שפילען — מאַכט צו מיר אַ אידענע זיצענדיג אין דער לאָבי פונ׳ם האָטעל, וואו איך בין איינגעשטאַנען — איהר מעגט עס אויס־הערען, נישקשה, ס׳וועט אייך צונוץ קומען, פאַר אַבי וועמען וואָלט איך ניט גערעדט, נאָר איך זעה, אַז איהר זענט אַ מענש „קאַטאָרע״, ווי מ׳זאָגט, וואָס מ׳מעג זיך אויף אייך פאַרלאָזען!

איך בין אַ מענש אָהן חכמות, ווייס ניט פון די פּליאַטקעס, וואָס ביי אַנדערע איז דאָס אַ גאַנצער פאַרגעניגען צונויפצופיהרען איין וואַנט מיט אַ צווייטער. איך בין אַ פשוט׳ע אידענע און האָב צוטרוי צו אַלעמען. איהר מיינט אודאי, אַז מיין מאַן האָט מיר ניט אייניגע מאָל געוואָרענט קעגען קאָרטען שפּילען ? ער פלעגט טענה׳ן צו מיר : צו וואָס דאַרפסטו עס ? צו וואָס פאַר אַ גוט יאָהר טויג ער דיר? צו וואָס שפילען אין קארטען גאַנצענע נעכט און וואָס פאַר אַ נוצען ברייגגט עס דיר? נאָר איהר ווייסט דאָך, אַז ער זאָגט אַזוי דאַרף איך שוין זאָגען אַנדערש. ער האָט מיך דערפון געוואָרענט און איך האָב מיר געטאָן דאָס מייניגע !

מאַכט זיך אַ צופאַל און איך פאַרבעט צו זיך אין הויז אַ היבשע צאָהל פון מיינע בעסטע חבר׳טעס צו פאַרברייגגען אַן אָווענט, און וואָס מיינט איהר ? פשוט שפּילען אין קאַרטען ! איהר מעגט מיר גלויבען, אַז מיר איז עס ניט געגאַנגען אין די קאַרטען. איך האָב פשוט געוואָלט פאַרברייגגען אַן אָווענט מיט מיינע בעסטע פריינט . . .

נאָר ווער האָט עס געקענט אפילו דענקען וואָס פריינט קאָ־נען אָפּטהאָן ? איהר מעגט עס טאַקע אויסהערען. איך וועל אייך לאַנג ניט פאַרציהען. זיצען מיר הייסט עס אַזוי פאַרטיפט אין די קאַרטען, צוזאַמען ארום צעהן־צוועלף ווייבער — טאַקע כמעט אין די זעלבע יאָהרען ווי איך ; מ׳שפילט און מ׳כאַפּט אַ שמועס,

און די צייט געהט, עס ווערט שוין נאהענט צו האלבע נאכט, הויבט אן צו ווערען פשוט טרוקען אין מויל. הייס איך מיינע קינדער, זאלען לעבען, מיר העלפען צום טיש א גלעזעל טיי דער־לאנגען מיט גוטען שטרודעל צוצובייסען.

איך זאל אייך דערצעהלען ווי שווער עס קומט איצט אן צו קריגען צוקער, דאס ווייסט איהר אליין גאנץ גוט, נאר אז פריינט זענען אין הויז און זיצען אפ פארטריקענטע א גאנצען אווענט, איז דען א תירוץ ? ווי דערלאנגט מען עס ניט א גלעזעל טיי מיט צובייס ?

מיט אמאל, עס הייסט ווען די ווייבער האבען שוין גע־האלטען ביים אוועקגעהן, טוט מיך פלוצים איינע פון זיי אזוי א פרעג : „בעסי, — ווי קומט צו דיר אזוי פיל צוקער אין אזא צייט ווען ס'איז אזוי שווער צו קריגען ? ” קוק איך זי אן ווי איינער פרעגט : „וואס איז דיין באבע'ס דאגה?”, און איך ענטפער איהר מיט א שמייכעל : „וואס הייסט ? כ'זאל אזוי האבען א זארג צו קריגען ס'גוטע צענטעל, ווי איך בין שוין ב"ה פארזארגט מיט צוקער אויף מיין גאנצען לעבען”.

אלע האבען זיך שעהן געזעגענט, מיר באדאנקט פאר מיין שעהנער אויפנאהמע, געזאגט א גוטע נאכט און שוין.

נאר וואס זאל איך וויסען ווער מיינע ‚פריינט’ זענען ?

לאזענדיג אלעס אויפ'ן טיש טו מיך אויס און וויל אויס־לעשען די עלעקטריק זיך געהן לעגען שלאפען, ערשט אימיצער קלינגט אין טיר. אזוי שפעט ? — טראכט איך — אלע אין שטוב שלאפען שוין, ווער א שטייגער קען עס זיין ? . . .

כאפ איך אויף זיך ארויף מיין שלאף־ראק, טו א ציה דאס שטריקעל פון טיר, ערשט עס קומען ארויף צוויי יונגעלייט, דוקא קריסטליכע, שעהן אנגעטאן, נעמען אראפ זייערע שליאפעס, בא־גריסען מיך גאנץ פריינדליך, בויגען אויף זייערע לאצען פון ראק און באווייזען מיר צוויי „קנעפלאך”, אז זיי זענען דעטעקטיווס, און אז זיי זיינען געשיקט, הייסט עס, אונטערזוכען מיין הויז צי ס'איז דא צוקער.

— זוכט — זאָג איך זיי. וואָס אַ שטייגער קען מיר אַרעז, אַז איך ווייס איך בין ריין פון דעם. וואָס הייסט גאָר זיך פאַר־גרייטען מיט צוקער ? וואָס זשע, איך ווייס דען ניט, אַז אונזער לאַנד איז אין מלחמה קעגען אונזער ערגסטען שונא ?

הכלל, וואָס זאָל איך אייך אַ סך דערצעהלען, זיי האָבען גע־זוכט, גענישטערט וואו נאָר ערגעץ אַ ווינקעל, אויפגעוועקט די גאַנצע בני בית, געמאַכט אַן איבערקערעניש אין שטוב און צו לעצט גאַרנישט געפונען.

שטעהען זיי אַזוי ביידע שוין צוריק מיט די שליאַפּעס אין די הענט און האַלטען שוין ביים אַוועקגעהן. קוקען זיך ביידע איבער, שמייכלען איינער צום צווייטען און קנייטשען מיט די אַקסלען, ווי איינער רעדט : נאַ דיר אַזאַ אַנשיקעניש !

טו איך זיי אַזוי אַ פרעג אין דער צייט ווען זיי ענטשולדיגען זיך פאַר אונז וועגען אומזיסטיגען צושטערען אונזער שלאָף: „ווער אַ שטייגער האָט אייך געשיקט אַהער ?"

— וואָס הייסט ? — זאָגען זיי — איהר האָט דאָך היינט געשפּילט אין קאָרטען, ניין אפשר ? אימיצער פון אייערע פריינט האָט אונז געלאָזט וויסען דורכ'ן טעלעפאָן, אַז איהר זענט פאַר־גרייט מיט צוקער אויף אייער גאַנצען לעבען . . .

„וואָס מיר האָט זיך גע'חלומ'ט יענע נאַכט און די נאַכט — זאָג איך — זאָל אויסגעהן צו זייערע קעפּ. וואָס הייסט דאָס?
— ווער איך שוין אויפגערעגט — אַט אַ דאָס הייסט אויפריכטיגע פריינדשאַפט אין אַמעריקע ?

ניט גענוג וואָס איך האָב זיי געגעבען טיי מיט צובייסען, געהען זיי מיר נאָך מסור'ן ? . . . אמת, איך האָב אַזוי געזאָגט, אָבער איך האָב געמיינט דערמיט, אַז די צוקער־קראַנקהייט וואָס איך פאַרמאָג, סטייעט מיר שוין אויפ'ן גאַנצען לעבען . .

די צוויי דעטעקטיוס האָבען ארויסגעלאָזט אַ הילכיגען גע־לעכטער, מיר געזאָגט אַ גוטע נאַכט, געבעטען צו ענטשולדיגען זיי און פאַרלאָזט די הויז.

ניט קוקענדיג אויף דער שפּעטקייט פון דער נאַכט האָב איך זיך פאַרמאַסטען אָפּצורופען דורכ'ן טעלעפאָן מיינע חבר'טעס,

אבער געה דערגעה ווער פון זיי איז די שלאנג ! ערשט שפעטער האב איך אויסגעפונען.

וואס מיר איז געווען אויפ'ן הארצען האב איך צו איהר אויסגעלאזען און פון דאמאלט אן זיך געגעבען דאסווארט, אז מעהר קיין קארטען טאר צו מיר אין שטוב ניט אריינקומען און אויך ניט אזעלכע פאלשע פריינט !

מיט די ווערטער האט די אידענע מיר פארענדיגט איהר געשיכטע, מיר געזאגט א גוטע נאכט און מיך אויך געווארענט פון קארטען און — פון פאלשע פריינט.

# די רומענישע שיף

## (בילד)

אריינקומענדיג אין אידישען אימיגראַנטען פאראיין איז מיין בליק באַלד געפאַלען אויף איינער פון די נייע נאָר וואָס צוגע־קומענע אימיגראַנטען. דאָס איז געווען א אידישע פרוי אין די מיטעלע יאהרען, ניט קיין מיאוסע, קען מען זאגען, נאָר אין איהר פאַרביטערטקייט זיצענדיג אליין אין א ווינקעל אָפּגעזונדערט פון די איבעריגע אימיגראַנטען, האָט מען געקענט באַמערקען אז די פרוי האָט זעהר א סך אין איהר לעבען דורכגעמאַכט.

איך בין צוגעקומען צו איהר און איהר געפרעגט ווארום זי זיצט אָפּגעזונדערט פון דער אַנדער גרופּע אימיגראַנטען, האָט זי זיך פון באַנק אויפגעהויבען און מיך דורכגענומען שאַרף מיט איהרע בליקען, וואָס האָבען דערמאָנט אַן איהר דורכגעליטענעם לעבען.

— זענט איהר אפשר אויך א רומענישער ? — האָט זי מיר געפרעגט.

— ניין — האָב איך איהר געענטפערט — גראָדע נישט געטראָפען.

— נו, אויב אזוי — זאגט זי מיר — זענט איהר דאָך גאָר א גליקליכער מענש, וואָס איהר זענט ניט קיין רומענישער !

איך האָב גלייך באַקומען דעם איינדרוק, אַז די פרוי האָט עפּעס וויכטיגס צו דערצעהלען, האָב איך זיך צוגעשפּאַרט ביים זייט פון דער באַנק וואו זי איז געזעסען און פאַרפיהרט מיט איהר אַ געשפּרעך.

און אָט וואָס זי דערצעהלט :

— אַזוי ווי איהר קוקט מיך אַן, מיין פריינט, מאַכט זי צו מיר, בין איך אַ געשטראָפטער מענש. וואָס איך בין אין מיין לעבען אויסגעשטאַנען איידער איך בין אַריבערגעקומען קיין אַמע־

ריקע איז גאָר ניט פאַר קיין מענשליכען פאַרשטאַנד דאָס צו באַ־גרייפען.

ווען איך בין אַלט געוואָרען ניין יאָהר האָבען זיך שוין אָנגעפאַנגען מיינע צרות, ווייל איך האָב שוין געהאַט דאָס גרויסע אומגליק צו בלייבען אַ קיילעכדיגע יתומה. מיינע עלטערען זיינען אומגעקומען אין איינעם פון די פּאָגראָמען וואָס איז אין רומעניע אַלע מאָל געווען אַן אפטע דערשיינונג. מיינע צוויי שוועסטערליך זיינען דעמאָלט ווי אין וואַסער אַריין. ביז׳ן היינטיגען טאָג ווייס איך ניט אפילו וואו זייער געביין איז אַהינגעקומען.

נאָר ווי זאָגט מען, אַז ס׳איז דאָ יאָהרען בלייבט מען לעבען אויף צרות. בין איך זינט יענער צייט געוואָרען מיין אייגענע אויפּפּאַסערין אויף מיין טרויעריגען לעבען. איך האָב זיך אליין אַריינגעגעבען צו א נייטאָרין אויסצולערנען זיך די מלאכה אום צו קאָנען פאַרדינען דאָס נויטיגסטע צום לעבען. איהר קענט זיך קוים פאַרשטעלען וויפיל איך האָב געקענט פאַרדינען זייענדיג נאָך אליין אַ קינד וואָס נויטיגט זיך אין טאַטע־מאַמע׳ס הילף — נאָר איהר ווייסט דאָך, נויט לערענט אויס און אַט אַזוי האָב איך זיך ביי דער נייטאָרין אָפּגעוואָלגערט ביז איך בין אַלט גע־וואָרען צוועלף יאָהר. איך האָב געאַרבייט „גאָט׳ס שטונדען״, קיינמאָל ניט גענוג געווען. אייך איז דאָך באַקאַנט דאָס אַמאָליגע קליין־שטעטעלדיגע לעבען !

נאָך דעם בין איך איבערגעגאַנגען צו אַן אַנדער פּלאַץ, שוין צו אַ דאַמען שניידער, ר׳ ברוך דער רויטער האָט מען איהם גע־רופען, ס׳שוין געווען איינמאָל א איד אַ רויטער !

מ׳האָט איהם אַזוי גערופען ווייל ער האָט געהאַט א רויטע באָרד, א גרויסע.

און אַלע געזעלען, וואָס מיר האָבען דאָרטען געאַרבייט, האָ־בען קיינמאָל קיין רוה ניט געהאַט. וויפיל מען האָט געאַרבייט איז ניט געווען גענוג. נאָר עפּעס ווי דורך א נס האָב איך ביי איהם נושא־חן געווען — און זיין ווייב, שרה־לאה די שוואַרצע, האָט מען זי גערופען — איז צו מיר געוואָרען ווי אַ מאַמע צו־געלאָזען, מיר צוגעטראָגען אַ גלעזעל טיי צום ניי־טיש מיט א

מאַך־קיכעל, ממש מיין האַרץ דערקוויקט. זי פלעגט מיר אַפילו געבען צו פאַרזוכען איהר מאַמעליגע !

און דאָרט, האָב איך מיך דערפיהלט שוין גאַנץ היימיש, אָפּאַרבייטענדיג אַזוי אַ פּאָר יאָהר, פאַרגלוסט זיך מיין באַלעבאָס ברוך דעם רויטען מיט זיין גרויסער ברייטער צעוואַקסענער באָרד פאָהרען קיין אַמעריקע. ער האָט זיך אויספאַרקויפט ביז צום לעצטען און איז אַוועקגעפאָהרען.

איך קום אָן צו אַ דריטען באַלעבאָס וואָס מען האָט איהם גערופען פלטיאל מיט'ן ציגענעם בערדעל — גראַדע געווען זעהר אַ וואוילער מענש.

איך בין שוין געווען אַ מויד פון אַרום פופצעהן יאָהר, מיט אַ שעהן גוידעריל און אַ פּאָר רויטע בעקעלעך. מיט מיר צוזאַמען האָט דאָרט געאַרבייט אַ בחור'ל פון אַרום 17־18 יאָהר. ער איז געווען אַביסעל שטיפעריש, אָבער צו מיר האָט ער זיך אַלע מאָל באַנומען מענשליך. ער פלעגט מיר פאַרלויפען אַלע וועגען, מיר געדינט ווי אָן אייגענער ברודער און אַפילו אָפּט אין דער פרייער צייט מיך אַרויסגענומען פאַר אַ שפּאַציר.

צוזאַמען מיט'ן בחור האָב איך דאָרט אָפּגעאַרבייט אַ פּאָר יאָהר, און מיר האָבען זיך ביידע דערפיהלט גאַנץ היימיש, אַזוי ווי אמת'ע שוועסטער און ברודער.

פון מיין משפחה איז קיינער ניט פאַרבליבען נאָכ'ן אומקומען פון מיינע עלטערען, ווי איך האָב שוין פריהער באַמערקט — מיט אַמאָל האָב איך צו מיין פריינט דערפיהלט אַזאַ נאָהענטקייט און צוגעצויגענקייט, אַז איך האָב איהם אָנגעהויבען ליב צו האָבען, אָבער ניט געוואַגט דאָס איהם אַרויסצוזאָגען.

פון זיין זייט האָט ער אויך גענומען אַרויסווייזען אַ ליבע צו מיר. אין אַ געוויסען שבת בייטאָג זענען מיר ביידע געגאַנגען אויף שפּאַציר הינטער'ן שטאָט, איך וועל עס קיינמאָל ניט פאַר־געסען. דאָס איז געווען שוין צווישען שבת און וואָך. די זון האָט געהאַלטען ביים פאַרגעהן, די שמעקענדיגע ריחות פון די גרינע פעלדער האָבען ממש ס'האַרץ דערקוויקט. אין יענעם מאָמענט האָבען מיר זיך ביידע ערקלעהרט אין ליבע !

צו מארגענס ביי דער אַרבייט האָט זיך געפיהלט גאַנץ אַנ־דערש ווי געוויינליך. עס האָט ניט גענומען לאַנג און ער האָט מיך פאַרגעשטעלט פאַר זיינע עלטערן און איז קורצן האָבן מיר ביידע חתונה געהאַט.

נאָך אונזער חתונה האָט מיין מאַן אליין שוין געעפענט אַ שניידערשע מאַסטערסקאַיע. איך פלעג איהם שטענדיג ארויס־העלפען. מיר האָבן זיך געליבט ווי צוויי טייבעלעך. צום יאָהר האָב איך מיין מאַן אַ טאָכטער געבוירען, אָבער קיין גרויס תענוג איז ניט געווען, זי איז באַלד אַוועקגעשטאָרבען.

אויך אין די שפּעטערדיגע יאָהרען האָבען קיין קינדער ביי אונז זיך ניט געהאַלטען. איך בין געפּאָהרען צו גוטע אידען און אויך דאָס האָט ניט געהאָלפען. עס איז אונטערגעקומען אַ שווערע צייט. די מלחמה האָט אויסגעבראָכען. מיר האָבען געדענקט, די צייט וועט שנעל פאַראיבער און אַלעס וועט ווערען צוריק איינ־געשטעלט, אָבער ס׳איז ניט ווי דער מענש דענקט! עס איז ווי מיט אַמאָל מיט די הענט די פּרנסה צוגענומען געוואָרען, דאָס לעבען פון טאָג צו טאָג איז געוואָרען שווערער — און מיר האָבען געזוכט אַ וועג פון גיהנום ארויס!

איך האָב גראָדע פון דאָס ניי ווידער פאַרשווייגערט. מיר האָבען אַלעס כמעט ווי אַוועקגעשיינקט און צוזאַמען מיט נאָך אידען זיך געזעצט אויף אַן אַלטער „רומענישער שיף" און זיך געלאָזען שווימען איבער׳ן מורא׳דיגען ים. טאָג און נאַכט זענען מיר אַזוי אויפ׳ן וואַסער געשוואומען און קיינער האָט אונז צו קיין ברעג ניט צוגעלאָזען, ווען מיר האָבען באַשלאָסען זיך צוריק קעהרען מיט אונזער אַלטער שיף, איז איידער מיר זענען אָפּגע־שוואומען — האָט מיר געגומען שטאַרק קרעמפּען.

און מ׳האָט מיך קוים פון שיף אַראָפּגענומען. וואָס מיט דער שיף און מיט די אידען איז געשעהן ווייסט איהר דאָך, פון זיי איז קיין שום שפּור ניט פאַרבליבען — געפונען זייער נאַסען קבר אין די טיפענישען פון ים!

בלויז איך די איינציגע אומגליקליכע־גליקליכע בין פאַר־

בליבען לעבען — מיין מאַן איז צוזאמען מיט די אַנדערע אידען אומגעקומען.

איך האָב אין יענער צייט מיין קינד געבוירען, אַ נאָמען נאָך דער שיף געגעבען. זאָל דאָס זיין אַ געדעכעניש פון יענעם גרויסען אומגליק! מיט דער צייט האָט מען מיך אריבערגעבראַכט קיין אַמעריקע און מיין קינד האָט מען איבערגענומען אין „בית־יתומים", נאָר מיין אייגען לעבען איז אויף שטענדיג צובראָכען. איך ווייס ניט אויף וואָס פאַר אַ וועלט איך געפין זיך, איך וועל שוין מסתמא אַט אזוי אָפּפינסטערען מיין וועלט.

ביים פאַרענדיגען איהר געשיכטע האָט זי שווער אָפּגעזיפצט און איז געבליבען זיצען מיט אַ פאַרגליווערטען בליק פון וועלכען עס האָט ארויסגעקוקט דער גאַנצער שוידער פון אונזער פאָלק'ס־טראַגעדיע.

# אויף די עלטערע יאהרען

(מאנאלאג)

— זייט אזוי גוט מיסטער, און העלפט מיר די גאס אריבער־געהן — שטעלט מיך אפ אן אלטיטשקע פרוי, קארנער עספלא־נייד און מאונט־ראיאל; איהר׳ט זיך ממש פארדינען עולם הבא! מיינע אויגען דינען מיר שוין ניט אזוי גוט ווי אמאהל, מען קומט אויף די „עלטערע יאהרען׳׳ דערזעהט מען שוין ניט, מיין ליבער פריינט! אריבער קומענדיג אויף דער צווייטער זייט גאס, וויל איך מיר שוין לאזען אוועקגעהן, האב איך באמערקט טרעהרען אין דער פרוי׳ס אויגען.

—איהר קוקט מיר אויס צו זיין פארוויינט, מיין ליבע פרוי— זאג איך צו דער אלטיטשקער, און א שווערער זיפץ רייסט זיך ארויס פון איהר הארצען, מיך האלטענדיג ביים האנט. — געהט ניט אוועק אזוי גיך, מיין ליבער פריינט, איהר זענט אזא צוגע־לאזטער מענטש, זענט איהר! קומט און מירן זיך צוזעצען אביסעל אויף א באנק און איכ׳ל אייך עפעס דערצעהלען. ווי זאגט מען, מ׳רעדט זיך אפ׳עט פון הארצען דערפיהלט מען עפעס גרינגער. איהר דארפט אוועקגעהן, זאגט איהר? ניטא זיך וואס איבעריג צו איילען! צוליעב ווענען, צוליעב וואס? עט, נארישקייטען! איהר וועט מיר אויסהערען, וועט אייך אמאל אויך צוניץ קומען:

און די אלטיטשקע הויבט אן צו דערצעהלען: ·

אזוי ווי איהר קוקט מיך אן, מיין ליבער פריינט, בין איך אמאל מיט א סך יאהרען צוריק אויך יונג געווען — — פייגעלע האט מען מיר גערופען. געווען א ברען, א בראנד־פייער, ווי איהר זעהט מיך א מענטשען. דאס גאנצע שטעדטעל מיט מיר גע־קלונגען, זיך ארומגעווארפען מיט די שעהנסטע בחורים. ניט אנגעשטאנען דער יחוס ניט אנגעשטאנען, עפעס אויס צו רעדען פייגעלע, ר׳ משה־שלמה׳ס טאכטער ?

די שטאדט איז מיט מיר געגאנגען כאדראם! וואס ווייסט

איהר מיין פריינט, וואס פאר א כוואטסקע מיידעל איך בין דאס געווען. איך האב מיך איינמאל פארגונען שמחות תורה צו הקפות אריינגעהן אין גרויסען בית־מדרש, און אנשטאט קושען די ספר־תורה׳ס, זיך געקושט פראנק און פריי, מיט די בחורים! . . . אזא מויד בין איך געווען און וואס ניט האב איך געטוהן? ווי ערגעץ א חופה וועטשערע, ווי ערגעץ א פארזאמלונג, האב איך ניט אויס־געפעהלט. האט קהל עפעס געהאט מיט פאליציי, בין איך געווען די ערשטע זיך איינצושטעלען. ניט מורא געהאט אפילו פאר׳ן טייוועל! ווי זאגט מען, ווער האט עס געקענט גלויבען אז מיר זאל אמאל אויסקומען זיך בעטען ביי פרעמדע מענטשען די גאס אריבער פיהרען.

—ווען איך האב זיך באקענט מיט מיין ערשטען געליבטען —זעליג, האט מען איהם גערופען — איז דאס געווען א זעליגעל, פרעגט בעסער ניט מיין פריינט, א יונג מיט ביינער, ממש אלע מיידלעך פלעגען פאר איהם ווערען פארכאפט. ווען ער האט געדארפט שטעהן צום פריזיוו אלס „נאוואבראניץ״, האט ער פארשיינט די פריסאדסטווע. איך האב זיך טאקע דעמאלסט מיט איהם באקאנט, דאס איז געווען א פאר טעג איידער מ׳האט איהם פאר א סאלדאט אפגעגעבען. יענע נאכט, צווישען גראז און בוימער אויסערן שטאדט, וועל איך קיינמאהל ניט פארגעסען. ווען ער האט מיך צוגעדריקט צום הארצען, און געגעבען דעם ער־שטען קוש — פיהל איך נאך עד היום דעם טעם ! . . . אייביגע ליבע האבען מיר זיך געשוואוירען . . .

מ׳האט איהם פאר א סאלדאט אפגעגעבען. זיך אביסעל דורכגעשריבען מיט איהם: אך, וואס פארא צוקערדיגע בריעף עס זיינען דאס געווען! איך האב זיי נאך אצינד ביי זיך. מיין אל־טיטשקער טאר דערפון ניט וויסען. נאכדעם האט ער שוין ביס־לעכווייז אויפגעהערט שרייבען. זינט יענער צייט מעהר ניט גע־הערט פון איהם. לאנדסלייט דערצעהלען, ער מוז זיך געפינען ערגעץ אין מאנטרעאל, מסתמא אין מושב זקנים. איך האב נאכ־הער חתונה געהאט. געקומען קיין אמעריקע. איך בין ניט אוועק געפאהרען פונקט ווי אנדערע מיידלעך. איך שעהם מיך אפילו צו

דערצעהלען, ווייל ניט אַלעס קען מען דערצעהלען, וואָס מ׳טראָגט ביי זיך אַלס אַ סוד ! . . .

— איך זעה איהר שטויסט זיך שוין אליין אָן ! . . . געוועז אַ נאַאיווע מיידעל אַ צעלאָזטע — נו, ווייסט איהר ניט ? האָט מען מיך אָפּגעשיקט צו מיין מוהמע קיין אַמעריקע, דער מאַמעס אַ שוועסטער געוועז. — שוין נאָך אַלס ? אַוועק אַ פּאָר יאָהר אָפּזייענדיג אין באַלטימאָר. אַרבייטענדיג אין אַ שאָפּ פון קליי־דער, האָב איך זיך באַקאַנט מיט אַ בחור, — איהם נאָך געהאָט געבנוג מוטה אַ קאָפּ פאַרדרעהען — און חתונה געהאַט. מיר זענען שוין אַט אזוי פּאַוואַלינקע פארהייראַט אַוואָסערע פערציג יאָהר אויב ניט מעהר — מ׳לעבט איהר ווייסט ניט ! מ׳האָט דאָך גע־האָט חופה קדושון ? שוין אַלע קינדער פארהייראַט ברוך השם..

אַצינד אויף דער עלטער האָבען קינדער באַשלאָסען האָבען טאַטע־מאַמע ביי זיך. אַ פיינקייט פון זיי כ׳לעבען !

— אָבער ניט צוזאַמען — ס׳צושווער צו האַלטען טאַטע־מאַמע אין איינעם ! זאָגען די קינדער — איהר ווייסט ניט מ׳קען זיי נישט חושד זיין — קינדער ווילען פארגרינגערען טאַטע־מאַמעס לעבען ? איין זוהן אַ פארהייראַטער וואָס וואוינט אין פילאַדעלפיע האַלט ביי זיך דעם טאַטען — זיי ווילען, זאָגען זיי, אַז דער זיידע זאָל לערנען אידיש מיט די אייניקלאַך. ניט גוט צו זיצען מיט פארלייגטע הענט אויף די עלטערע יאָהרען. און וואַרטען דער טויט זאָל קומען. אַ פיינקייט פון זוהן און שנור — ווי דיינקט איהר ?

די איבעריגע קינדער וואוינען ערגעץ אין אַנדערע שטעט. איין זוהן וואוינט אַזש אין אַפריקע, קען איך איהם ניט זעהן. וואָס זשע מיינט איהר ? ביינקט זיך טאַקע — פּאַרט אַ מאַמעס האַרץ.

— ווי קום איך אַהערצו אין מאָנטרעאַל פרעגט איהר ? — טאַקע איך אליין וואונדער זיך. איהר הערט דאָך — די קינדער האָבען צווישען זיך אָפּגעמאַכט, יעדער קינד וויל האָבען טאַטע־מאַמע ביי זיך. נו, בין איך הייסט עס דאָ ביי מיין טאָכטער. מיין טאָכטער האָט חתונה געהאַט פאַר אַ היגען פאַבריקאַנט. ס׳איז

איהר קיין עין ערע זייער גוט. נו, איהר ווייסט ניט אַ טאַכטער זאָל געזונד זיין, קומט איהר די מאַמע, זאָגט זי. זי איז באַרעכטיגט דערצו. איך בין שוין מיט איהר, מיט מיין טאַכטער זאָל געזונד זיין עס דריטע יאָהר!

איהר מיינט איך טהו עפּעס — גאָר ניט — זי וויל ניט איהר מאַמע זאָל ארבייטען שווער אויף די אַלטע יאָהרען. נישט מעהר, זומער ווען זי פאָהרט אַוועק אין קאַנטרי לאָזט זי מיך איבער אין הויז היטען די דינסט — און אָפּקאָכען אַ לעפעל געקעכץ פאַר מיין איידים אַלע טאָג. און האַלטען ריין די הויז, ווייל די דינסט געהט אויס יעדען טאָג — ניט אַזוי גרינג אין די היגע מקומות באַקומען דינסטען? אַ מאַמע, איהר ווייסט ניט, וואָס דען זאָל איך טהאָן?

יעדען פרייטאָג־צו־נאַכטס פאָהרט ער אַוועק אין קאַנטרי צו זעהן מיין טאַכטער און די קינדערלאַך, בלייב איך אַליין אין הויז מיט דער דינסט. מ׳קען די הויז זאָגט מיין טאַכטער אַליין ניט לאָזען — עמיצער מוז בלייבען צו היטען? . . .

ווינטער איז מיין טאַכטער אויך ברוך השם שטאַרק פאַרנומען — מיט איהרע „ברידזשעס״ און סתם פאַרוויילונגען ביז שפּעט פאַרטאָג. נו, ווי קען זי זיך דען אָפּגעבען מיט דער הויז, מיט די קינדער? זי „גלייכט״ זאָגט זי, פאַרלאָזען זיך אויף דער מאַמען. אייגענס איז ניט פרעמדס! . . . מיט פרעמדע הענט איז גוט פייער שאַרען זאָגט אַלע מאָל מיין טאַכטער. וואָס זשע מיינט איהר, האָב איך טאָקע אַלע מאָל ארבייט אין הויז — אַ „מאַמע״ — איהר ווייסט ניט אויף דער עלטער, וואָס דען וואָלט איך געטאָהן? איהר זאָגט ס׳איז שווער פאַר מיר? נו, איהר ווייסט ניט מיט קינדער דאַרף מען זיך ניט אויסרעכענען. זאָל מיינס איבערגעהן! שוין אַזוי דערשלעפּען עס ביסעל יאָהרען — איהר מיינט ס׳בייגקט זיך ניט נאָד׳ן אַלטיטשקען — אבער ווי קען איך דען אַעווקפאָהרען? אַז די גאַנצע הויז ארבייט ליגט אויף דער מאַמע׳ס הענט. און מ׳טאָר ניט ריידען פאַר אבי וועמען. ווי איך קום אַהערצו פרעגט איהר? — איך ווייס — מ׳שטיינס געזאָגט ס׳טליעט נאָך ערגעץ טיף באַהאַלטען אַן אַלטער פונק פון

ליבע. פארט אמאל ליב געהאט זעליגען ! גערה איך עס אפט טאקע אהערצו אין מיין פרייער צייט — מעגליך איהם דא צו באגעגע־נען. זינט מ׳האט מיר איבערגעגעבען אז ער געפינט זיך דא אין שטאט דיינק איך טאמער פארט זיך טרעפען מיט איהם ערגעץ. א הארץ קען מען ניט נארען. איהר קוקט מיך אן מיסטער ? א אידענע מיט צעקנייטשטע איינגעפאלענע באקען זאל אזויריידען. איהר קענט מיר ניט באשולדיגען — ווארום וואס פאר א פאר־געניגען האב איך דען זיין צעשיידט מיט מיין אלטען אויף די עלטערע יאהרען ? — ווי זאגט איהר — א צעריסען לעבען. ציהט מיך טאקע זיך צו טרעפען מיט מיין אמאליגען געליבטען. ווער ווייסט צי ער לעבט נאך ? און אויב יא, מסתמא אזא אלטער ווי איך ! וואס דען קען מען ערווארטען פון היינטיגע קינדער ?

טאטע מאמע, איהר ווייסט ניט, אייביגע נאראנים ! ! !

איהר קוקט שוין אויפ׳ן זייגער הא ? — איהר דארפט שוין געהן. לאנג לעבען זאלט איהר, פאר מיך אריבערפיהרען די גאס. האט מיר א גוטען טאג, האט מיר — און אויך א גוטע עלטער — א בעסערע ווי איך — איהר הערט א בעסערע ווי איך — זייט מיר געזונט, זאלט איהר מיר זיין ! . . .

# מ׳בויעט אַ גימנאַזיע

די נייעס, אַז מ׳געהט בויען אַ גימנאַזיע ביי אונז אין שטעד־טעל האט אַרויסגערופען גרויס באַגייסטערונג ביי יעדען אידען, ווארום זינט איך געדענק האט מען געהאַלטען אין איין רעדען, אַז ס׳איז שוין צייט מ׳זאָל בויען אַ גימנאַזיע פון אַכט קלאַסען. אונזער שטעדטעל איז תמיד געווען באַזעסען פון לויטער אָרימע־לייט. אויב ס׳האט זיך אַמאָהל יאָ געמאַכט, אַז איינער פון די איינוואוינער האט זיך אַרויסגעכאַפּט פון אָרימקייט און איז באַ־רייכט געווארען, האבען זיך אידען קיינמאָהל ניט געקענט מוחל זיין אויף דעם אויפגעקומענעם עושר און זיך געעגבערט די מוחות ווי אַזוי קומט צום אידען רייך צו ווערען. !

די ירושה פון אָרימקייט איז געגאַנגען פון דור צו דור, און פונדעסטוועגען האט זיך קיינער ביי אונז אין שטעדטעל ניט גע־קימערט, טאָמער חלילה וועט איהם אויסקומען אָפּצופינסטערען זיין וועלט אין גרויס דחקות, פונקט ווי זיין טאַטע, ווייל השגות דערצו איז ביי קיינעם ניט געווען. יעדער אָרימאַן אויף זיין שטייגער האט זיך געלעבט צופרידען; תמיד געווען ווי מ׳זאָגט „השמיח בחלקו״, אבי ווען ס׳איז געקומען דער הייליגער ערב שבת און ס׳געווען אויפ׳ן פּודיקעל מעהל, חלה צו באַקען, און טאָמער ס׳האט זיך נאָך געמאַכט מ׳האט געקענט קויפען אַ עוף אויף שבת, דאַמאָלסט זיינען שוין אַראָפּ פון מוח אַלע דאגות און זאָרגען.

ווארום ווי האט זיך דען אַ איד געטאָרט אַזוינס פאַרגינען אפילו אַ טראַכט צו טאָן, ווי אַזוי עס לעבט דער שכן זיינער, דער נאַרוואַס אויפגעקומענער גביר, וואָס מען שאַצט אין די שווערע הונדערטער, וואָס זיין ווייב האַלט דאָס באַהאַלטען צוזאַמען מיט איהר זיידען טיכעל אינם מאַנ׳ס מחזור !

דאָס האט דאָך יענעם אַזוי גאַט צוגעפּירט, אַז ער זאָל באַגליקט ווערען ! און פון אַזוינע מחשבות האט אַן עהרליכער

פרומער איד, אפילו טראכטען דערפון קיינמאהל ניט געטארט. דאס וואלט שוין געהייסען זינדיגען קעגען גאט, און פון דעם האט זיך א איד אפגעהיט. אבער ווען ס'האט זיך דערטראגען די נייעס אין שטעדטעל, אז עס געהט אראפ קומען איינער פון די רייכע בראצקיס וואס האבען דאמאלסט געוואוינט אזש אין קיעוו, אז אז זיי זיינען דאס כמעט פון די רייכסטע אידען איבער גאנץ רוסלאנד, האט מען שוין גענומען פארשטעהן, אז דאס איז ניט גלאט אזוי זיין אראפקומען צו אונז.

דערצו נאך ווען מ'איז געווארע געווארען דורך יהושע נחום דעם סופר, וואס פלעג תמיד באקומען דער ערשטער צוגע־שיקט — דעם „המליץ" און דארט איז געווען געמאלדען אז בראצקי האט באוויליגט פון זיין אייגענס אזא גוואלדאוונע סומע ווי אכציג טויזענט רובעל צו דער סטראיעני פון דער נייער גימ־נאזיע וואס מ'געהט באלד אין קורצען בויען, האט זיך שוין גע־נומען טומלען און קאכען דורכאויס ווי מ'איז געשטאנען און גע־גאנגען, אז ערשט אצינד וועט דער לאנג יעהריגער חלום באמת מקיום ווערען, און ס'וועט קומען אן אויפריכטונג אויף אונזערע איינוואוינער פון שטעדטעל! . . .

דאס איז געווען אין א שבת אין דער פריה, ווי אידען האבען זיך דערוואוסט נאך איידער זיי זיינען געגאנגען דאוונען אז ס'איז אראפגעקומען טאקע דער איספראווניק אליין, זיך באטייליגען אין דער פראצעסיע, צוליב'ן גרויסען כבוד וואס מ'געהט צוטיילען גאספאדין בראדסקי'ן, פיהרענדיג איהם איבער די הויפט גאסען וואס זיינען טיילווייז שוין בראקירט ביז צום „מיראוואיע סוד", וואו ס'האבען זיך פארזאמעלט גאנץ נאטשאלסטווא און דארט געהאלטען „דרשות" פון זיינעט וועגען, פול מיט לויב געזאנגען פאר זיין גוט הארץ און גרויסע נדבה צו קענען אויפצושטעלען די ריזיגע געביידע וואס וועט טראגען דעם נאמען אכט קלאסיגע גימנאזיע.

קינד און קייט, ווי מ'זאגט זיינען דארטען געווען, אפילו פרומע אידען האבען זיך פארשפעטיגט מיט קומען דאוונען און זיינען געלאפען פריהער בייצוואוינען די גרויסע היסטארישע

געשעהעניש! אויף מיר אליין האט דאס געמאכט א געוואלדיגען רושם „בייזיין" און צוצוזעהן ווי אזוי א אידישער גביר באקומט אזא גרויסען כבוד פון גויים און פון גאנץ נאטשאלסטווא. דאס לאזט זיך אזוי גיך ניט פארגעסען. עס איז שוין גאנץ היבשלאך דעריין, כמעט א פופציג יאהר אין דעם, נאר פונקט ווי ערשט נעכטען וואלט דאס געשעהן.

די גרויסע פרייד וואס האט באהערשט יעדען אידען איז ניט געווען צום באשרייבען. מ'קען זאגען, אז דאס איז טאקע געווען די גרעסטע נייעס ביי אונז אין שטעדטעל, אפילו גאר אלטע אידען געדענקען ניט פאר זייער צייט. דאס וויכטיגסטע דערפון איז געווען צו זעהן די אונפארגעסליכע בילד ביים דורכפיהרען די פראצעסיע דורך די גאסען, ווי דער איספראווניק מיט'ן פריסטאוו און נאדזשאראטיל בייביידע זייטען האבען מארשירט אין פאראויס. נאך זיי דער גלח מיט'ן קסיאנדזש, און נאכהער גאר געהויבענע געסט געשיקט אזש פון פעטערסבורג. נאכדעם האבען צוויי פון דער נאטשאלסטווא געטראגען א זילבערנעם טאץ וואס איז געלעגען דעריין א גאלדערנער צלם, וואס דער קיסר אליין האט איהם געהאט געשאנקען מיט א געוויסער צייט צוריק. נאך זיי איז געגאנגען גאספאדין בראדסקי אליין, געקליידעט מיט א שווארצען פראקישען קאסטיום, אנגעטהון אויפ'ן קאפ א צעלינדער, מיט א קאסטבארען שטעקען אין האנט. נאכהער האבען מארשירט חשוב'ע בעלי־בתים פון שטאדט. ביי ביידע זייטען גאסען זיינען נאכגעגאנגען א היבשע טייל איינוואוינער, סיי קריסטען סיי אידען, און צולעצט איז אין א קארעטע מיט פיער פערד נאשפיץ נאכגעפאהרען דער פריץ פון שטעדטעל.

יענעם שבת וועל איך קיינמאהל ניט פארגעסען, וואס האט זיך געלאזט איינקריצען אזוי טיעף אין זכרון, וואס וועט פארבלייבען אז אייביגע עראינערונג אין געדאנק פון מיינע קינדערשע יאהרען . . .

# אַ פּאַסירונג אין לעבען

— איז אייך אַמאָל אויסגעקומען זיין אין משוגעים הויז ? — שטעלט מיר אַ איד אַ מאָדנע פראַגע, פאַרענדיג אין אַ באַהן, וואָס פיהרט צו אַ קאַונטרי פּלאַץ. — און דער איד פאַנגט אָן צו רעדען וועגען זיין אייגענער פּאַסירונג אין לעבען וואָס ער אַליין האָט דורכגעמאַכט.

קומענדיג קיין אַמעריקע — פאַנגט ער אָן זיין געשיכטע צו דערצעהלען — בין איך נאָך געווען אַ יונגער בחור'ל פון אַ וואָס-אַרי צוואַנציג יאָהר. זיך אויסגעלערענט עפּעס אַ שטיקעל מלאכה און געמאַכט ווי ס'ניט איז אַ שטיקעל לעבען. שפּעטער צו מיט אייניגע יאָהרען, האָב איך מיין מלאכה אויפגעגעבען און געוואָרען אַ טראַוולער פון אַ געוויסער פירמע וואָס פאַרבריצירט קינדערשע זאַכען. מ'קען זאָגען, אַז איך בין אויסגעווען אַ וועלט, כמעט איבער גאַנץ אַמעריקע און קענעדע.

אין אַ געוויסען זומער, ווען איך האָב געהאַט מיין וואַקאַציע אויף עטליכע וואָכען, האָב איך באַשלאָסען מאַכען אַ רייזע איבער פאַרשידענע שטעדט, אַזוי ווייט אַזש ווי ביז מעקסיקאָ. איך בין אַלעמאָל געווען אַ שטאַרקער ליבהאָבער צו באַקוקען און באַטראַכטען יעדער זאַך, יעדען אַנשטאַלט ווי נאָר איך בין געקומען.

בין איך אין אַ געוויסען טאָג אַוועק צו באַזוכען דעם שטאָדטישען אַנשטאַלט פון די „גייסטיג קראַנקע", וואָס מיר איז אויסגעקומען דאָס ערשטע מאָהל אין מיין לעבען, זעהן ווי די באַציהונג איז צו די קראַנקע, און ווי אַזוי זיי פאַרהאַלטען זיך צווישען זיך. איך האָב באַקומען ערלויבעניש פון דעם דאָקטאָר מיט איינעם פון די אַנגעשטעלטע, מיר צו צייגען די פאַרשידענע קראַנקע וואָס געפינען זיך אין אַנשטאַלט פון משוגעים הויז.

איך בין פאַרביי געגעאַנגען דורך די באַזונדערע חדרים, פאַרצאַמט מיט אייזערנע גראַטעס, ווי די גאָר ווילדע משוגעים געפינען זיך. איך האָב אייניגע געטראָפען אין גאַנצען „מוטער-נאַקעט", ווייל זיי צורייסען פון זיך אַלץ. האָט מען פון זיי די

קליידער צוגענומען. אייניגע שוין ניט אזוינע געפעהרליכע, ווי די וואס זיינען אונטער די אייזערנע גראטעס, האבען זיך באנומען שוין כמעט ווי מענשען, אנדערע אפילו האבען מיך געפרעגט, פילייכט איז דא א מעגליכקייט זיי צו העלפען ארויסקומען פון דארט. צוצוזעהן די אלע צרות וואס ווערען פלוצים אנגעשיקט אויף א מענשען דארף מען זיין שטארקער פון אייזען.

צו אייניגע האב איך אויסגעטיילט פרוכט: ווי עפעל, בארען און באנענעס, ווי אויך סעגארעטלאך געגעבען. דאס אויסכאפען פון מיינע הענט מיט אזא ווילדער אכזריות האט שטארק אויף מיינע נערוען געמאכט א גרויסע ווירקונג.

איך האב מיט אייניגע פארפיהרט א שמועס. ווי ביי זיי איז אויסגעקומען לויט זייערע טענות, ווי קומט עס וואס מען האלט זיי איינגעשפארט, און געבעטען מיך זיי צו פארזיכערען וועגען זייער באפרייאונג.

איך האב יעדען איינעם פון זיי שטארק באדויערט, און ביי זיך אין הארצען געקלערט: מיט וואס האבען זיך די אומגליקליכע נעבאך אזוי פארזינדיגט וואס זיי דארפען ליגען פארשפארט אונ־טער די אייזערנע גראטעס.

איך האב צווישען די מענער געזעהן אויסערגעוועהנליכע סימפאטישע פנים'ער פון א פיינערען סארט העכערען קלאס מענש. ווי דעסטגלייכען צווישען די פרויען, א גאנץ היבשע צאהל פון זיי אין עלטער פון ארום אכצעהן ביז אין דער טיפער עלטער ווי זעכציג אדער זיבעציג יאהר. אייניגע פון זיי, סיי מענער אדער פרויען שטארק באוואקסען די פנים'ער אדער די לייבער.

ווען איך האב שוין געהאלטען ביים אוועקגעהן, האט א יונגע פרוי, צו מיר פון צווייטען שטאק, אראפגעשריען, מיט די ווערטער (נאר אין ענגליש): מיסטער, האט איהר געזען מיין זוהן? יא,— האב איך ארויפגעשריען — אייער זוהן איז שוין פון לאנג טויט ! ווי באלד האט זיך דערהערט א ווילדער געשריי פון דער פרוי, און ס'איז געווארען א סימאטאכע, א טומעל, ווי די דאקטוירים זיינען זיך באלד צוזאמען געקומען, און קוים די אומ־גליקליכע איינגעשטילט.

איך בין שוין געווען שטאַרק בייגעריג צו מאַרגענס פון ס׳ניי באַזוכען דעם אַנשטאַלט, ווי דער דאָקטאָר האָט מיר געלאָזט וויסען אַז זינט נעכטען פון מיין צופעליגען ענטפער, פיהלט זיך די פרוי אַ סאַך בעסער. ווי ס׳האָט זיך אַרויס געוויזען פון איהר אייגענער ערקלעהרונג ווען זי איז צו ביסלאַך צו איהר אייגענעם פאַרשטאַנד געקומען.

אַז דאָס איז איהר געקומען פון אַ געבורטה, שוין נאָך איהר מאַנ׳ס טויט, זייענדיג בלויז עטליכע יאָהר פאַרהייראַט. ווי איהר מאַן איז געשטאָרבען איידער זי האָט געדאַרפט אַ קינד געבוירען, ווי זי געפינט זיך שוין עטליכע יאָהר אַזוי צוליב איהר פאַרלוירענעם פאַרשטאַנד.

איך בין שוין פאַרבליבען אין יענער שטאָדט און געהאָלפען אין דער באַפרייאונג פון דער יונגער פרוי, ווי איך האָב זי פאַרזאָרגט מיט אַלעם נויטיגען, און שוין פון איהר ניט אָפּגעטראָטען. זי האָט מיר נאָכהער דערצעהלט ווער זי איז און פון וואַנעט זי שטאַמט. איך האָב מיט דער צייט דערפיהלט צו מיין נייער באַקאַנטער אַזאַ נאָהענטע פריינדשאַפט, און געפיהלט אַז אָהן איהר וועל איך שוין אין ערגעץ ניט קענען זיין! איך האָב זיך צו איהר ערקלעהרט אין ליעבע. איהר איבערגעגעבען מיינע אומשטענדען. זי האָט מיין פאַרשלאַג מיט גרויס צופרידענהייט אַנגענומען, און איך האָב זי מיטגעבראַכט אין דער שטאָדט ווי איך בין געווען באַשעפטיגט, געשטעלט ביי אַ רב אַ חופה, און שוין אָט אַזוי פאַוואָליענקע היבשע עטליכע יאָהרען, ווי מיר וואוינען צוזאַמען זעהר גליקליך און צופרידען.

נאַ, זעהט איהר שוין — מאַכט צו מיר דער איד פאַר׳ן אַראָפּגעהן — ווי אַ מענש קען קיינמאָהל ניט וויסען, ווי זיין „זיווג״ געפינט זיך. מסתמא איז דאָס די השגחות הבורא, ווי גאָט פיהרט, אַזוי מוז דאָס זיין.

כ׳גלויב ס׳האָט זיך אייך געלוינט די רייזע מיט מיר צוזאַמען אין איין וואַגאָן — מאַכט צו מיר דער איד ביים אַראָפּגעהן — און האָט אויף מיר קיין פאַראיבעל. האָט מיר אַ גוטען טאָג, האָט מיר. מיר וועלען זיך נאָך באַגעגענען, וועלען מיר זיך.

# אַ מאַמע׳ס האַרץ

(מאָנאָלאָג)

איהר הערט — מאַכט צו מיר אַ אידענע — קיינער זאָל גאָרניט געפּרואווט ווערען צו זיין אַ מאַמע !

איהר מענער, זענט דאָך די גליקלאַכסטע מענשען, וואָס איהר זענט ניט קיין מאַמעס ! איהר איילט זיך אַוועקצוגעהן, דערקענט אין מיר די אידענע. אָבער עס וועט אייך חלילה גאָר ניט שאַדען — פאַרזיכערט זי מיר, ווען איהר וועט מיך אויס־הערען. נישקשה איהר מעגט זיך פאַרגונען דעם פאַרגעניגען. אודאי איז אייך גוט וואָס איהר זענט ניט קיין מאַמע ! וואָלט איהר מיך שוין אַנדערש געפּיהלט — און די אידענע צורעדט זיך — ווי אַ מאַמע׳ס האַרץ פיהלט זיך אַפּצוריידען ס׳זאָל איהר ווערען גרינגער, מ׳שטיינס געזאָגט !

אַזוי ווי איהר קוקט מיך אָן — מאַכט זי צו מיר האָב איך שוין געהאַט קאַלטס און וואַרימס ! זינט איך בין צו מיין שכל געקומען — קיין איין גוטען טאָג נאָך אין מיין לעבען ניט גע־האַט, תמיד, נאָר ווי מ׳זאָגט, אַלץ קאַפּויר, שטענדיג מיט דער פּוטער אַראָפּ. איהר מיינט, איך בין טאַקע אַזוי אַלט ווי איך קוק אויס — עס הויבט זיך אַפילו ניט אָן ! נאָך אַפילו קיין זעכציג יאָהר ניט אַלט — אַז וועה צו מיינע יאָהרען — נאָר איהר ווייסט ניט, צרות מאַכען עלטער ווי מ׳איז !

אודאי וואָלט איך נאָך איצט אויך געוואָלט זיין יונג און קענען אַ שטיף טהון, אַ לאַך, אַ שמייכעל, ווי אין די איגנע יאָהרען — נאָר ווער האָט כוח דערצו און וועמען ליגט עס דען אין זינען ? — אַז כסדר, אַזוי ווי איהר קוקט מיך אָן — נאָר פאַר׳חושד׳ט און פאַר׳דאַג׳עט און תמיד פאַרזאָרגט נאָר וועגען זיי, וועגען די קינדער זאָלען געזונט זיין — ווער האָט זיי גאָר אַפילו אויסגעטראַכט צו פאַרפינסטערען דער מאַמעס לעבען ?

תמיד נאר אין זארג, — ניט חלילה וועגן זיך נאר טאקע פון זייערטוועגן — ס'זאל מיר נאר ניט פארשטערט ווערן, רבונו של עולם!

אייך אנהויבן צו דערצעהלען פון מיין לעבן,— איז ווי זאגט מען, פון טויזענט און איין נאכט. — איך ווייס אפילו ניט פון וואס פריהער אנצוהויבן!

נאך זייענדיג א קליין קינד, מ'שטיינס געזאגט, האט זיך שוין גלייך אנגעפאנגען מיינע צרות. ווען איך בין קוים אלט געווארען פינף יאהר, איז מיר מיין טאטע אפגעשטארבען. און שטעלט אייך פאר מיין מאמע'ס אפלעבען — א גוטען זכות זאל זי טראגען — געבליבען אן אומגליקליכע אלמנה, מיט זעקס פיסקליאטעס — איך בין געווען די מעזונקע — בין איך געווען קענט איהר זיך שוין פארשטעלען מיין מאמעס נחת — אז זי האט באדארפט פארבלייבען ביי דער באבען אין הויז מיט'ן קוקול! פרעגט שוין בעסער ניט, ווען איך טהו מיך א דערמאן פאלט אין מיר איין מיין ביסעל אויסגעמוטשעט בלוט . . .

ווי אזוי מיין מאמע — א גוטע בעטערין זאל זי זיין — האט דאס געקענט דורכטראגען און דורכליידען אזוי פיל יסורים און ווייטאגען איידער מיר זיינען גרויס געווארען און אויסגע־וואקסען — ממש הויט און ביין איז זי געווען — איך בין נאך א העלד, גלויבט מיר, וואס איך זעה נאך אויס נישקשה! — נאר ווי זאגט מען, ווען מיין מאמע שטעהט אויף און טהוט א קוק אויף מיר, אויף איהר מוזינקע, אויף איהר חוה'לען, וואלט זי צוריק געשטארבען. נאך קיין איין גוטען טאג ניט געהאט!

שוין נאך מיין טאטענ'ס טויט, האבען מיר אלע קינדער צוזאמען מיט דער מאמען זיך געצוגט הונגער אנגעליטען, און וואס ניט! ביז אין מיין עלטער פון צוועלף יאהר איז מיין מאמע גע־שטארבען, — א גוטע נשמה געווען — זי מעג דארטען האבען דעם גן־עדן, ווייל דעם גיהנום האט זי שוין געהאט אויף דער וועלט. מיט אזוי פיל פיסקליאטעס, איידער זי האט זיי פון די וויקעלאך ארויסגעבראכט . . .

פרעגט בעסער ניט, מיין פריינט — האלט זי אין איין ריידעז — איהר הערט, ווען מיין מאמע ע״ה האט די אויגען צוגעמאכט זענען מיר אלע, ווי אויפ׳ן וואסער געבליבען — די באבע איז נאך מיט צוויי יאהר צוריק, פאר מיין מאמעס אפשטארבען — אומגעקומען פון א בליץ — נישט אויסגערעדט זאל זיין!

דער באבע׳ס שטוב האט מען צוגענומען פאר ניט צאלען דעם „צינז״ צום פריץ פון שטעדטעל און אט אזוי ווי איהר זעהט, זענען מיר געבליבען עלענט אין דחקות און אין נויט. אז ווער צו אונזערע יאהרען. נאר איהר ווייסט ניט, פון צרות, ווי זאגט מען, שטארבט מען ניט. מיט דער צייט איז אויסגעבראכען א פאגראם אין אונזער שטעטעל — א תל געמאכט פון אלץ — א פאר פון מיינע ברידערלאך דער׳הרג׳עט און די שוועסטערלאך צו שאנד פארשלעפט!

איך, עלענטע יתומה, פארבליבען די איינציגע. זיך אויס־געוואלגערט ווי די וועלט האט אן עק... בין אויסגעוואקסען אויף געהאקטע צרות!

און די שטאדט האט מיך פארזארגט מיט א מאן — מיך חתונה געמאכט, צו אלדע גוטע יאהר!

און נאך דער חתונה באפאלען געווארען מיט קינדער פונקט ווי מיין מאמע — א גוטע בעטעריין זאל זי זיין — מיט „פיסק־ליאטעס״ מיך פארזארגט מיין מאן!...

ווען די קינדער זענען אונטערגעוואקסען, האט מיין מאן שוין דעם גרויסען נחת ניט דערלעבט! אומגעקומען פאהרענדיג אויף די ירידים — ווען אויף איין יאהר־יאריד וואס איז פאר־געקומען ניט ווייט פון אונזער שטעטעל אין פאלטאווע — האט צווישען די גוים אויסגעבראכען א בונט, און מיין מאן, א גוטען זכות זאל ער טראגען — איז דער ערשטער אומגעקומען — און פונקט ווי מיין מוטער ע״ה — דאס זעלביגע מזל — אויך גע־בליבען א וויסטיגע אלמנה — ווי זי! און ווען מיינע קינדער זענען זיך שפעטער צו, צופאהרען איבער דער גרויסער וועלט, האבען זיי נאך אין זינען געהאט זייער וויסטיגע מאמע, אומ־שטיינס געזאגט, און זי אריבערגעבראכט אהער קיין אמעריקע,

זי זאל זיך דא דערמוטשען דאס איבעריגע ביסעל יאהרען. אזוי ווי איהר זעהט, קיין איין גוטען טאג נאך ניט געהאט !

מיך שוין אפילו איבערגעפאהרען פון א וואגען אויך ! נאר איהר ווייסט ניט, צום שלים־מזל דארף מען אויך האבען א שטיקעלע מזל! מיך געלאזט אין א גוס־רעגען ליגען אין מיטען גאס, ווען מען האט מיך איבערגעפאהרען — געדיינקט, ווייזט אויס, אז איך בין שוין טויט — צו אלדע גוטע יאהר ! האט מען שוין געבראכט דעם וואגען — איהר ווייסט שוין ? „דעם גוטען וואגען" וואס מען פיהרט שוין ניט צוריק ! . . .

נו ? — דארף זיך פונקט מאכען, אז ס'מיר איבערגעגאנגען דער וועהטאג, און איך עפען אויף די אויגען. זיך אויפזעצענדיג, און דערזעהענדיג אזוי פיל מענשען וואס זענען זיך צענויפגע־לאפען אויף מיין בייז וואונדער — מ'שטיינס געזאגט! און זיך דערשראקען פאר זיך אליין ! . . . און דאן נאך געדארפט געהן אין שוהל אריין „גומל" בענטשען ! נאר איהר ווייסט ניט? אז ס'דא יאהרען העלפט אפילו ניט דאס איבערפאהרען. בין איך ווייטער מיט לייטען צו גלייך, און לעב שוין ווידער — מיינט איהר אפשר ס'האט עפעס די ווערט ? ס'הויבט זיך אפילו גאר ניט אן !

אט, זענען שוין גאט צו דאנקען אלע מיינע קינדער חתונה געמאכט — און פון א שטיקעלע נחת פאר דער מאמעס וועגען איז ברוך־השם ניטא ! אויסגעהאדעוועט קינדער — מעגען מיר גאט און לייט מקנא זיין — אבער פאר דער מאמען א שטיקעל „מקום מנוחה", א פלאץ וואו דעם קאפ ערגעץ אנצושפארען ? דאס זעהט איהר, דוקא ניט ! און אזוי ווי איהר קוקט מיך אן, דארף איך אויף די עלטערע יאהרען זיך ארומוואלגערען ערגעץ אין קעדזשע סטריט — אויף א דריטען עטאזש אין א גערידזש, ביי ארימע פרעמדע מענטשען, וואס קוים וואס זיי לעבען זיך דורך ! . . . שפארען זיי נאך אפ א גלעזעל טהע פון מיינעט וועגען, און די פרוי נעבאך אליין, אויך א געפלאגטע, העלפט מיר ארויס אינ'ם „גרעט־וואשען" וואס די קינדער פארזארגען דער מאמע.

געזונט זאָלען זיי זיין! זייערע ווייבער ווייסען דען ווי אַרי־מער איינצוקריכען, — אַז זיי האָבען דאָך שטענדיג קיין צייט ניט דערצו!

זינט ס'איז מיר צוגעקומען די דריי אייניקלעך, זאָלען וואַק־סען ביי טאַטע־מאַמע, איז מיר נאָך שווערער געוואָרען מיין אַר־בייט, קומען זעהן דער מאַמע זייערער, ברענגען מיר מיינע זיהן —,,מיינע ביינער זאָלען זיי מיר איבערלעבען'' נאָך די קינדערשע אונטערהעמדלאַך, און דאָס מעגט איהר מיר גלויבען, לאָזט זיך געענוג ,,פּיהלען'' — דער באָבעס נחת! . . .

נו, פרעג איך אייך: לוינט זיך טאָקע צו האָבען קינדער — און אויף די עלטערע יאָהרען? ניט אויסגערעדט זאָל זיין, ניט האָבען וואו דעם קאָפּ אַנצושפּאַרען? און מ'קען נאָך פאַר קיינעם ניט רעדען, זיי סטראַשען נאָך, די זיהן זאָלען לעבען — מאַמע! אויב ס'שווער פאַר דיר די אַרבייט, וועלען מיר דאָס אַוועק געבען די ,,קיטייצעס'', די טשייני־לייט! וועט זיין נאָך ערגער, וועל נאָך אויף די עלטערע יאָהרען, פאַרלירען ס'שטיקעל פּרנסה. צי איך זעה מיינע אייניקלאַך, פרעגט איהר? וואָס הייסט, זיי וועלען ברענגען אין קעדזשיו סטריט זייערע קינדער? וואָס רעדט איהר מענש איינער? אַזאַ ,,חרפּה'', איך וועל עס אפילו אויפ'ן מויל ניט ברענגען! איי די קינדערשע זאַכען? נו, דערויף בעט מען דאָך דעם וואָס לעבט אייביג, מיך ניט צו פאַרשעמען! אַ דאגה, שוין אַזוי אַפּשטופּען דאָס ביסעל יאָהרען, און טאָקע אין דער אמת'ן גערעדט — צי וואָס איז מען אַ מאַמע? וואָס זשע איהר איילט זיך צו געהן — מאַכט צו מיר די אידענע —האָט מיר אַ גוטען טאָג, האָט מיר, און אַ גרויסען דאַנק, פאַר מיך אויסהערען! . . .

# אַ אידישער קאַפּיטאַן

אויף מיין רייזע קיין אַמעריקע, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דער קאַפּיטאַן פון שיף איז אַ איד! ווי אַזוי זיך מיט איהם צוזאַמענטרעפען בין איך געפאַלען אויף אַ געדאַנק — בעטען פון איהם אַ באַזונדערען צימער, וואו מיר אידען וואָס זיינען געפאָהרען אויפ׳ן שיף, זאָלען זיך קענען יעדען טאָג צונויף קומען דאַוונען.

דאָס איז געווען דער ערשטער טאָג, ווען מיר זיינען פון ברעג אָפּגעפאָהרען, האָב איך פאַרלאַנגט די ערלויבעניש איהם צו זעהן. עס איז שוין געווען אַרום צעהן אין אָווענט ווען איך בין צו איהם אַריין. מיך זעהר איידעל אויפגענומען, געהייסען מיר זיצען און געפרעגט מיין פאַרלאַנג. איך האָב איהם ערקלערט, אַז דאַוונען בין איך אַזוי פאַרוואוינט יעדען טאָג נאָך פון קינד־ווייז אָן, דאַרום פאַרלאַנג איך פון איהם און אויך פון די גרופּע אידען וואָס געפינען זיך מיט מיר אויפ׳ן שיף אונז ערלויבען צו־זאַמען דאַוונען בציבור יעדען טאָג !

און מיין פאַרלאַנג איז ערפיהלט געוואָרען ווען איך האָב איהם באַדאַנקט, און שוין געוואָלט געהן, האָט ער מיר נאָך גע־הייסען פאַרבלייבען און זיך גענומען נאָכפרעגען פון וואַנען איך בין, און פאַרוואָס איך בין גראַדע פאַראינטערעסירט וועגען דער פראַגע פון דאַוונען, און פאַרפירט מיט מיר אַ שמועס וועגען דער אידען פראַגע אין אַלגעמיין, און איך האָב איהם ערקלערט, אַז איך בין דאָס אויסגעקליבען צו זיין דער פאַרטרעטער פאַרענדיג קיין אַמעריקע מיט אַ געוויסער אידישע מיסיע.

האָט ער אַרויסגענומען פון זיין שרייב טיש אַ קעסטעלע ציגאַרען, מיך מכבד געווען און ביידע פאַרויכערט, און גענומען רעדען וועגען וועלט פראַגען.

ווען איך האָב איהם צווישען געשפּרעך אַ פרעג געטהון, ווי עס קומט צו איהם זיין אַ קאַפּיטאַן אויף אַ שיף, האָט ער אַ לייכטען שמייכעל געטהון, פאַרצויגען דעם רויך פון ציגאַר און

מיר באַלד געענטפערט, אַז דערמיט ליגט טאַקע פאַרבונדען זיין איצטיגע קאַריערע.

און אַט וואָס ער אַליין דערציילט:

מיין פאַטער — הויבט ער מיר אָן צו דערציילען — קומט פון אַ קליין שטעדטעל, אַרום דער עסטרייכישער גרעניץ, וואו ס'האָט זיך מיר געלעבט ניט שלעכט, נאָר איהר ווייסט ניט, מאַכט צו מיר דער קאַפּיטאַן, אינגלעשע געדאַנקען . . . געוואָלט אַביסעל אַרומפאָרען אָנקוקען די וועלט. גענוג געלד דערצו האָב איך ניט געהאַט, האָב איך מיר דערשלאָגען ביז אַנטווערפּען, זיך דאָרטען פאַרשריבען אַלס אַ שיף־אַרבייטער, און דאָס איז געווען מיין ערשטע רייזע אויפ'ן וואַסער.

איך האָב מיך דערפילט זעהר אַ צופרידענער, און פון יענער צייט בין איך געוואָרען ווי צוגעשמידט צום שיף. איך האָב שוין נאָך יענער רייזע זיך איינגעשריבען אַלס מאַטראָז אויף אַ געוויסער שיף וואָס מאַכט לאַנגע רייזעס אַרום דער וועלט. איך געדענק גאַנץ גוט, ווי איינמאָל אין חודש יולי איז דאָס געווען, אָפּפאָרענדיג אַזוי אַ פּאָר וואָכען אויפ'ן שיף, דאָס איז געווען אין אַ מיטען־נאַכט, ווי עס האָט גענומען שטורמען אויפ'ן ים און די כוואַליעס האָבען גענומען טראָגען אונזער שיף ניט אויף די ריכטיגע וואַסערען. דער קאַפּיטאַן פון יענער שיף, ער איז געווען אַ נאַר־וועגיער, האָט באַלד געלאָזט אונז וויסען זיך צו מאַכען גרייט פאַר אַ שטורמישע באַגעגעניש. עס האָט גענומען שליידערען די בענק און טישען פון איין עק צום צווייטען. די שיף האָט גענומען זיך הויבען אַרויף און אַראָפּ, וואו מיר האָבען זיך קוים געקענט האַלטען אויף די פיס. די שרעק צווישען די פּאַסאַזשירען און דאָס געוויין פון די פרויען און קליינע קינדער איז געווען אומ'ברחמנות'־דיג. מיר זיינען געווען גרייט מיט אונזערע ים־גאַרטלען און שיף־לאַד צו ראַטעווען די מענשען, און געוואַרט פאַר'ן באַפעהל פון די עלטסטע און צו דער זעלבער צייט אויסגעקוקט פיליכט וועט געשעהן אַ נס און עס וועט זיך לאָזען הערען דאָס פייפען פון אַ פאַרביי־פאָרענדע שיף.

אונזער שיף האָט געגעבען סיגנאַלען און געראָפוועט מיט

משונה׳דיגע קולות. עס איז געפאַלען אַ שרעק אויף יעדען פון אונז. ווען דער באַפעהל איז געקומען זיך נעמען צו אונזער אַר־בייט, האָבען מיר זיך יעדערער פון אונז גענומען צו ראַטעווען די פּאַסאַזשירען ס׳ערשטע, ווי עס פירט זיך לויט׳ן געוועהנליכען געזעץ — צו ראַטעווען פרויען און קינדער. איך האָב אַנגעפּאַקט מיין שיפעל וויפיעל איך האָב געקאָנט און זיך געלאָזען דערמיט איבער די שטורמדיגע וואַסערען און כוואַליעס פון רוישענדען ים. וואו מיר זיינען געשוואומען, האָבען מיר אַליין ניט געוואוסט. ווען ס׳האָט שוין געהאַלטען ביי טאָג ווערען, האָבען מיר פון וויטען געהערט דאָס שרעקענדיגע רעווען און פייפען פון אונזער שיף, ווי זי האָט געהאַלטען אין זינקען און זיך אַראָפּלאָזען ני־דעריגער צום אָפּגרונט.

עס איז געפאַלען אַ גרויליכע שרעק אויף אונז צוזעהענדיג דאָס, און די געשרייען פון די אומגעקומענע איז באַלד פאַרטרונ־קען געוואָרען אין די רוישענדיגע וואַסערען פון ים.

אונזער שיפעל האָט זיך געדרעהט צווישען די כוואַליעס אָהן אויפהער, ביז אַ שטאַרקע כוואַליע האָט אַ שלאָג געטהון אָן אונ־זער שיפעל און איהר איבערגעקערט. איך האָב מיך שטאַרק גע־האַלטען איינגעקלאַמערט אין די רימענס פון איבערגעקערטען שיפעל. די קולות האָבען מיך פאַרטויבט. פון די אומגליקליכע וואָס זיינען אין ים אַריין האָב איך גאָר ניט געקענט פיהלען וואָס מיט מיר אַליין קומט פאָר, נאָר עפּעס אַ משא, אַ שווערינקייט האָב איך יאָ דערפיהלט, ווי עס פרעסט מיך שטאַרק צוזאַמען. אָבער ווי זאָגט מען, אַז יאָהרען זיינען שטאַרקער פון אַלץ. איך ווייס נאָך ביז היינט צו טאָג ניט, ווי אַזוי עס האָט זיך דערנעה־ענט אַ שיף און מיך צוזאַמען מיט׳ן איבערגעקערטען שיפעל גע־רעטעט. ווען איך בין צו זיך געקומען פון מיין אויסגעמאַטערטען שרעק און גסיסה־טויט, האָב איך צו מיין גרויס באַוואונדערונג זיך דערוואוסט, אַז די שווערע משא וואָס האָט מיך צוזאַמען גע־פרעסט איז געווען אַ יונגע מיידעל פון יענער שיף, וואָס צוזאַמען האַלטענדיג דעם שטאַרקען רימען פון שיפעל מיך אַזוי פאַרמאַ־טערט, און צוזאַמען מיט מיר געראַטעוועט געוואָרען.

מיר זיינען געווען די איינציגע פון יענער זינקענדיגער שיף צו ווערן געראטעוועט. יענע רייזע וועט מיר אייביג אין זכרון פארבלייבען. איך בין נאך אין יענעם פלאץ א לענגערע צייט פאר־בליבען, וואו איך האב טאקע מיט'ן מיידעל חתונה געהאט. דאס איז געווען א געשיקטער נס, אדער אן השגחה פון גאט. עס האט זיך נאכהער ארויסגעוויזען, אז דאס איז געווען דעם קאפיטאנ'ס יונגסטע טאכטער ! . . .

זינט יענעם מאמענט בין איך שוין פארבליבען א וואסער־מענש. עס הייסט, תמיד געארבייט אויף שיפען. מיט דער צייט זיך דערדינט צום אמט אלס אפיציר, און אין יאהרען שפעטער פאר מיין אויסצייכענען זיך, דערדינט דעם כבוד צו זיין א אי־דישער קאפיטאן אויף א שיף. און אט אזוי פאהר איך שוין ארום אויף די וועלט־וואסערען שעהנע עטליכע צעהנדליג יאהר.

איך לעב און פיהל מיך זעהר גליקליך מיט מיין פאמיליע. די הויפט זאך, מיט מיין געליבטער פרוי וואס איז מיר צוגעשיקט מן השמים, און פון צייט צו צייט, דערמאן איך מיך אין יענער שרעקליכער פאסירונג, און ווען אידען שטעהן און בעטען גאט דורך זייערע תפילות, זאג איך אין דער שטיל א לויב צום באַ־שעפער, וואס ער האט מיך מציל געווען פון טויט, און פארהיט מיך ביז היינטיגען טאג פון ים שטורעמס און פארשידענע גע־שעהענישען וואס טרעפט זיך איבער די רוישענדיגע וואסערען פאהרענדיג מיט'ן שיף אויפ'ן ים.

איך האב זיך מיט'ן אידישען קאפיטאן געזעגענט, איהם באַ־דאנקט פאר'ן געשפרעך און דעם פארלאנג מיינעם, צו דאווענען בציבור, און ביז צו ענדע פון מיין רייזע, זיך כמעט יעדען טאג מיט איהם געזעהן — אזוי שטארק באפריינדעט בין איך מיט'ן קאפיטאן געווארען.

זיין דערצעהלונג וועל איך אייביג געדענקען ! . . .

# אַ יום-טוב אין קלויסטער

**(בילד)**

פאַרמאָגט האָב איך משפּחה פון מאַמעס צד — דריי פעטערס און צוויי מוהמעס, פון וועלכע מעהר ליב געהאַט האָב איך דעם פעטער הירשעל. ערשטענס איז ער געווען אַ הויכער ברייטביי־נערדיגער מענש, און איז שוין אַ סך אַרומגעפאָרען איבער דער וועלט, אפילו אין דער גרויסער שטאָדט אָדעס אויך געווען — געווען זעהר אַ חשוב׳ער מענש, פאַרמאָגט אין זיך אַ סך גוטסקייט און איידעלקייט. דערצו זעהר אַ קלוגער און בעל־עצה׳ניק, וואָרום ווען עס האָט זיך נאָר געמאַכט אַ „דין־תורה״ איז מען באַלד געקומען צום פעטער הירשעל, פונקט ווי צום רב. דערצו איז ער געווען דער גבאי פון קלויז אַ סך יאָהרען, און מענשען האָבען איהם אָפּגעגעבען גרויס כבוד.

האָט זיך געמאַכט עפּעס אַ שמחה׳לע אין שטאָדט — דער ערשטער אויפ׳ן צעטעל איז געווען מיין פעטער הירשעל. האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט רעדען שבת אין שוהל נאָכ׳ן לייענען די תורה, האָבען אַלע ווייבער פון זייערע אויבער־פענסטער אַראָפּ־געקוקט און זיך איינגעהערט צו זיין דרשה. האָט ער אין אַ שבת־צו־נאַכט אָדער אַזוי אין אַ מיטעוואָך זיך געשטעלט דאַווענען מנחה און מעריב, האָבען אידען זיך באַלעקט פון זיינע מתיקות׳־דיגען זיסען דאַווענען. סיי אין שוהל און סיי אין מסחר, אָדער להבדיל אפילו אין דער אופראַווע האָט מען פאַר׳ן פעטער הירשעל געהאַט גרויס דרך־ארץ, און מעהר פון אַלץ, האָט ער ביי מיר אַרויסגערופען ליבשאַפט דערפאַר וואָס ער איז געווען דער ער־שטער מיך אַוועק צו טראָגען אין חדר, איינגעוויקעלט אין מיין טאַטענ׳ס טלית.

ווען ער האָט מיך צום ערשטען מאָהל אין חדר געבראַכט צום רבי׳ן ר׳ בערעל, בין איך קוים פיער יאָהר אַלט געווען. קיין סך דעם ערשטען טאָג אין חדר האָט דער רבי מיט מיר ניט געלערענט.

מיר נאָר אַוועק געזעצט ביים זייט צווישען זיינע תלמידים, איך זאָל מיר צוקוקען און זיך איינהערען ווי אַזוי ער לערענט מיט די קינדער. דעם אמת זאָגענדיג, זיצענדיג אָנגעשפּאַרט מיטביידע הענט אין טיש און באַטראַכטענדיג דאָס גאַנצע אויסזעהן פון רבינ׳ס חדר מיט זיינע תלמידים, האָט מיר אָנגענומען אַ גרויסער חשק צום לערנען, אָבער געה לערען, אַז איך ווייס אפילו ניט קיין צורות אות ?

צום צווייטען טאָג איז מיר שוין געווען בעסער. ערשטענס, איז געקומען דעם רבינ׳ס באַהעלפער, איסעף־לייב און אויף די פּלייצעס מיך געבראַכט אין חדר! און ווען דער רבי האָט אויפ־געעפענט דעם גרויסען סידור און מיר צום ערשטען מאָהל געוויזען ווי עס קוקט אויס אַן אַלעף! האָב איך פאַר זיך דערזעהן די גאַנצע וועלט. לויט מיין קינדערשער מוח, און מיט גרויס התמדה גענומען נאָכזאָגען אות נאָך אות, אַזוי אַז ביז׳ן אַהיים געהן האָב איך שוין געקענט דעם גאַנצען אַלעף־בית אויף אויסווייניג.

דער ערשטער מיך צו פאַרהערען איז געווען מיין פעטער הירשעל, טאַקע ביי אונז אין שטוב. וואו טאַטע ־ מאַמע האָבען געקליבען גרויס נחת פון זייער בן יחיד, און אַזוי איז אַוועק גע־גאַנגען עטליכע וואָכען און איך האָב שוין געקענט מעהר ווי אַלעף־בית, אַז דער רבי אַליין האָט זיך איינמאָהל צו מיר אָנגערופען, און מיר געהייסען אַריבערשיקען דעם טאַטען אָדער מיין פעטער הירשעל, ער דאַרף עפּעס מיט זיי רעדען.

ווען מיין פאַטער איז געקומען צום רבי׳ן, האָט ער דעם טאַטען געהייסען פאַר מיר זוכען אַן אַנדער מלמד ! אָבער דעם „זמן׳׳ בין איך אויסגעוועזן ביים רבי׳ן ר׳ בערעלע, און צום צוויי־טען „זמן׳׳ האָב איך שוין געלערענט ביים „העכערען׳׳ רבי׳ן, מען האָט איהם גערופען — דער „כמעלניקער׳׳, ווייל ער איז געקומען פון כמעלניק.

און געהייסען האָט ער אַזוי ווי מיין פעטער — ר׳ הירשעל דער כמעלניקער. — אַ איד מיט אַ ברייטער באָרד, מיט גרויסע ברייטעס און וואָנצעס און געקרייזעלטע פּאות. זיין ווייב בת־שבע, פלעג אָפט שרייען אויף איהם, למאַי ער געהט ניט צו א

„צעליארניק" די בארד אביסעל זיך ארומשערען, ניט זיצען א גאנצען טאגביים טיש לערנען מיט די אינגלאך, און „ציפען" די שפיצען פון בארד מיט די צייהן. אינגאנצען בין איך אלט געווען קארגע פינף יאהר ווען דער רבי ר' הירשעל האט מיט מיר אנגעהויבען צו לערנען חומש, און יעדען פארנאכט מיך מיט־גענומען אין קלויז אריין, צו הערען ווי מען דאוונט מנחה און מעריב, און ווי אידען זיצען „בין השמשות" און לערנען משניות. מיט גרויס התפעלות האב איך באטראכט די באבערדעלטע אידען זיצענדיג ארום די לאנגע טישען און זיך שאקלען איבער די גמרא. דערצו האב איך געהאט גרויס חשק צו זיין און ווערען אייבער פון זיי, אבער אין גאנצען נאך קיין פינף יאהר ניט אלט געווען, אבער א געשמאק צום לערנען געהאט א סך.

און איך האב געבעטען מיין רבין, מיך מיט צו נעמען אין דער פריה ווען ער געהט דאוונען. געדארפט שוין דערפאר אויפ־שטעהן פריהער ווי תמיד, אבער עס האט מיר ניט געארט — אבי געהן מיט'ן רבי'ן אין קלויז דאוונען, און פאר מיר האט זיך אנ־געפאנגען א סדרה פון אויפצושטעהן גאנץ פריה, און איידער נאך איך בין געגאנגען אין שוהל, אריין כאפענדיג א פאר קאפיטלאך תהילים, מיט חוה'לע די גבאי'טע, א אידענע וואס האט דאמאלסט ביי אונז געוואוינט, און פלעג אויפשטעהן פארטאג זאגען תהילים.

דאס איז געווען אין אן ערב שבת, אין א פרייטאג אין דער פריה, ווען ווי געווענטליך, ווי אלע טאג אויפצושטעהן גאנץ פריה און קומען אין שוהל דאוונען. ווען מען איז נאך געשטאנען „שמונה עשרה" האט זיך פלוצים דערהערט דאס קלונגען פון קלויסטער, מיט אזא הימפעט און קלאנג, אז מען האט געקענט פארטויבט ווערען. אידען האבען גענומען ארויסקוקען דורך די פענסטער, ווייבער פון די אויבער שטובער, ווייל דער קלויסטער להבדיל איז געווען ניט ווייט פון קלויז, געשטאנען אין מיטען מארק וואו מ'האט איהם געקענט זעהן דורכאויס.

א געלויף פון גויים און גויעס, האט זיך געצויגען שטרא־מענווייז צום צוגאנג פון קלויסטער. אידען האבען פאר פחד פאר פריה אפגעכאפט דאס דאוונען און זיך געלאזען צום קלויס־

טער. דער רבי מיך האַלטענדיג ביים האַנט, האָט מיך אויך מיט־געגומען צום קלויסטער. ווי צווישען דעם גרויסען געדרענג ווייס איך ניט ווי עס האָט זיך געיאָוועט מיין פעטער הערשיל און מיך איבערגענומען פון רבינ׳ס הענט. איך האָב געהערט דאָס קלונ־געז מעהר ווי יעדערס מאָהל. דאָס געוויש פון די גויים מיט זייער רוסיש רעדען הויך אויפ׳ן קול, און אויך דאָס געוויין פון אידישע ווייבער און מענער.

נאָהענט צום אַריינגאַנג פון קלויסטער איז פאַראויס געגאַנ־גען דער גלח מיט זיין „טענדי־וואַרענדי" מיט׳ן לאַמטערן אין האַנט, שאַקלענדיג הין און צוריק און געמורמעלט עפּעס אַן אומ־פאַרשטענדליכע תפילה. נאָך איהם זיינען נאָכגעגאַנגען עטליכע אויסגעפּוצטע מחותנים, גויים און גויעס, אין דערמיט אַ חנ׳עוו־דיגע שיקסע אויסגעפּוצט אין גאַנצען אין ווייסען ווי אַ כלה צו דער חופּה. אונטער איהר האָבען צוויי גויים, דער „סטאַראָסטע" און דער „סאַצקע" אַנגעטהון מיט יו[ם]־טובדיגע מלבושים געפירט אַ אידישען יונגענמאַן צום שמד.

די טירען פון קלויסטער זיינען געווען ברייט צועפענט, וואו עס האָבען געפינקעלט די קריסטאַלענע הענג־לאַמפּען, אַלע באַ־לייכטען מיט די אַנגעצונדענע ליכט. עס האָט געהערשט אַ מורא אַ וואָרט אַרויס צו לאָזען, און ווען דער גלח איז שוין געשטאַנען ביים אַריינגאַנג אין טיר פון קלויסטער, האָט זיך מיט אַמאָל דערהערט אַ יאָמערליכער געשריי און גרויס געוויין, פון דעם יונגענמאַנ׳ס טאַטע־מאַמע, פאַלענדיג דעם גלח צו די פיס, און בעטען ביי איהם רחמים, זיי צוריק אומקערען זייער זוהן. אַלע גויים און גויעס האָבען זיך געפיהלט יום־טובדיג, זייערע פּנים׳ער האָבען געשטראַלט פון פרייד, וואָס באַלד וועט צוקומען נאָך אַ אידישער גוי! . . .

דאָס געוויין פון טאַטע־מאַמע האָט געקענט ריהרען אפילו אַ שטיין. איך האָב מיך געהאַלטען אין איין טוליען צו מיין פעטער הערשיל, מורא האָבענדיג פאַר׳ן גלח׳ס בייזע ווילדע בליי־קען. די מוטער האָט גע׳חלש׳ט, געקושט דעם גלח׳ס מאַנטעל איהר אומקערען צוריק איהר זוהן. אידען האָבען אויך מיטגע־

וויינט. איך האָב געהאָלפֿען מיט כּליפּען און מיין קינדערש הער־צעלע האָט געהאַלטען אין קלאַפּען ווי דער טיק־טאַק פון אַ זייגער. און יעדער פון די אידען האָט ברייט געהאַלטען צועפּענט די אויגען אויסקוקענדיג וועגען אנס ! . . .

פון גלח — האָט זיך די אידישע צעווייטאַגטע מאַמע געוואָרפען צום זוהנ׳ס פיס, און זיך געבעטען מיט פאַרווייגטע אויגען און צובראָכען הארץ, ניט פאַרשעהמען טאַטע־מאַמע.

אַ געפיהל פון רחמנות האָט זיך ערוועקט אינם יונגענמאַן, זיך אַרויס געריסען פון די הענט פון זיינע אונטערפירערס, און אויפגעהויבען זיין מוטער, איהר געפאַלען אויפ׳ן האַלדז קושען און צערטלען . . . און גענומען וויינען ווי אַ קליין חדר־אינגעל מיט ביטערע טרערען, און זיך געבעטען מען זאָל איהם אהיים פיהרען.

דער ערשטער פון אַלעמען איז געוועזן מיין פעטער הערשעל, צולויפענדיג צום יונגענמאַן, איהם אַ כאַפּ געטהון אויף די הענט, און מיט דער הילף פון נאָך אידען, איהם געטראָגען אין קלויז אַריין. איך האָב מיך נאָכגעשלעפּט פון אונטען, זיך אָנהאַלטענדיג אינ׳ם פעטער׳ס לאַנגער אַטלעסינער קאַפּאָטע, און צוזאַמען מיט זיינע טאַטע־מאַמע און וויפיל עס האָט נאָר געקענט אַריין אין שוהל אידען בין איך נאָכגעשלעפּט געוואָרען מיט׳ן גאַנצען עולם, וואו מען האָט זיך געקושט און געהאַלדזט און זיך געווינשען מזל־טוב.

יענעם ערב־שבת׳דיגען יום - טוב וועל איך קיינמאָהל ניט פאַרגעסען, ווי אידען האָבען אָפּגעראַטעוועט אַ יונגענמאַן פון שמד . . .

# שבת נאָך טשאָלענט

הײמישע בילד

מײן צװײטער רבי, ר׳ הערשעל דער כמעלניקער, איז געװען אַ איד פון לערנען — דערפאַר אָבער האָט ער אויך ניט פײנט געהאַט די אכילה. בײ זיך אין הויז פלעג ער זיך אָפט באַניגענען מיט װאָס עס האָט זיך געמאַכט, אפילו מיט אַ שטיקעלע הערינג אָדער קאַפּצאַנקי, אַבי צו שטילן דעם הונגער. דערפאַר אָבער, װען עס האָט זיך געמאַכט אַ שמחה׳לע בײ אײנעם פון זײנע באַ־לעבאַטים, װער שמועסט נאָך פון אַ „בר מצוה״, דאַמאָלסט האָט ער זיך געלאָזען װאָילגעהן און געגעסען און געטרינקען װיפיעל עס האָט זיך נאָר געלאָזען. דערצו האָט ער געהאַט אין זײן שבת׳דיגער קאַפּאָטע צװײ טיפע ברײטע קעשענעס, װאָס האָבען געקענט אַרײננעמען אַ האַלבע סעודה אין זיך!

און ליב געהאַט מײן רבין, האָב איך געהאַט טאַקע בלויז דערפאַר, אַז װען ער האָט זיך דערפיהלט אַביסעל נאָר בגלופין׳דיג אַזױ האָט ער זיך צעלאָזט אויפ׳ן קול מיט אַ נגונה׳לע פון די חסידים, װאָס זינגען יעדען שבת בײם רבי׳ן ר׳ דוד׳לס טיש, און מיר אינגלעך האָבען שוין געװאוסט, אַז דעם שבת װען דער רבי געהט אויף קידוש, האָבען מיר זיך שוין ניט װאָס צו אײלען קומען נאָכ׳ן עסען טשאָלענט צום רבי׳ן לערנען, און מיר האָבען שוין געקענט זײן פרײ פאַר זיך אַלײן די גאַנצע צײט. און באַלד שבת נאָכ׳ן עסען, האָבען זיך צענויפגענומען אינגלעך פון גאַס און זיך אַרויסגעלאָזען אויף אַ שפּאַציר אויפ׳ן שאָסײ פון דער נאָר װאָס פאַר׳ענדיגטער גרויסער גאַס, אָדער גאָר אַרום „פּאַרקען״ פון בית עולם, װאו זומער האָט דאָרטען געװאַקסען אַ סך שמעקענדיגע גראָזען און הויכע צעװאַקסעסע בוימער, צעהנדליגע יאָהר אַלט. דורך די שפּאַרינעס פון די שפּאַלטען צװישען די הילצערנע ברע־טער פון פּאַרקען האָבען מיר תמיד אַרײנגעקוקט, זעהן װאָס אינ־װעניג איז. אײניגע פלעגען מיר אײנרעדען, אַז מען זעהט מתים

אַרומגעהן אין תכריכים, טאַקע פון די וואָס קומען אַפּט צו חלום ...
און איך האָב אַריינגעקוקט אינווייניג, אפשר וועט מיר קומען אַנטקעגען מיין באָבע חנה ע״ה, ווען זי איז געשטאָרבען איז זי געווען אַלט מעהר ווי הונדערט יאָהר, און איך האָב זי זעהר שטאַרק ליעב געהאַט, ווייל זי פלעגט מיט מיר זיצען אַלע נאַכט שפּעט און אַרבייטען זאָקען אַנטקעגען דער שיין פון דער לבנה, אָהן ברילען, אָדער גאָר מיט אַ זופּ אויף די הענט און פליקען פעדערען. און איידער זי פלעגט איינשלאָפען, מיר קראַצען אין קאָפּ און דערצעהלען מעשה׳לעך פון וועוויריקעס אָדער קליינע שרעטעלעך וואָס ברענגען גאָלד אין מויל ! . . .

אַצינד געפינט זיך מיין באָבע חנה אויפ׳ן בית עולם צווישען אַלע מתים, און איך קען זי מעהר ניט זעהן און ניט הערען איהרע שעהנע מעשה׳ס . . . דערפאַר טאַקע פלעג איך שטעהן איינגע־וואַקסען נאָהענט צום „פּלויט״ און מיט מיינע קליינע קינדערשע אויגעלעך זוכען דער באָבעס געשטאַלט ! אַט אַזוי פלעגען מיר אינגלעך זיך נוהג זיין אַ סך שבתים ווען דער רבי איז אַוועק אויף קדוש ! . . .

איינמאָהל אין אַזאַ שבת, האָט מיר מיין פעטער הערשעל געלאָזט וויסען נאָך גאַנץ פריה ביים דאַוונען, ווי באַלד מיר׳ן פאַרטיג ווערען מיט׳ן טשאָלענט, זאָל איך אַריבער קומען צו איהם, וועט ער מיך מיטנעמען צום גרויסען בריק, וואָס בויעט זיך אין נאָוואָמירגאָראָד, אַ שטעדטעל וואָס גרעניצט זיך ניט ווייט פון אונזער שטאָדט.

איך האָב קוים דערצויגען דאָס דאַוונען, אפילו זיך ניט שטאַרק צוגעהערט צו דער צווייטער קדושה וואָס דער חזן ר׳ נחום דער קרומער האָט זיך צעזונגען, און באַלד נאָך עלינו, מיט׳ן טאַטען אַרויס פון שוהל. נאָכ׳ן עסען, האָט זיך מיין טאַטע געזעצט אַריינקוקען אין אַ ספר, און איך האָב איהם געלאָזט וויסען, ווי אויך מיין מאַמען, אַז דער פעטער הערשעל נעמט מיך היינט מיט אַנצוקוקען די „סטראַיעני״ ווי מען בויעט די בריק.

דעם גאַנצען לאַנגען וועג וואָס פיהרט פון עק שטאָדט, ביים זייט פון גוי׳אישען צווינטער, וואו עס שטעהט דער „קאַסטיאָל״.

ביז מיר זיינען צוגעקומען צום בריק, האָב איך געהאַלטען אין אייז דרעהען מיין קעפּעל היין און הער, צו באַטראַכטען די שאַקלענדיגע פּעטע זאַנגען פון די צעשפּרייטע פעלדער וואָס דאָרטען וואַקסען די תבואות. פאַרשידענע גוי׳אישע וועגעלאַך און פאַיעטאַנען מיט בריצקעס זיינען געפאָרען דעם גאַנצען וועג היין און צוריק, און איך מיט׳ן פעטער זיינען זיך פּאַוואָליע געגאַנגען און באַטראַכט אַלעס וואָס מיר האָבען געזעהן. אויף אייניגע זאַכען האָב איך דעם פעטער געשטעלט פראַגען און ער האָט מיר אַלע מאָל פאַרענטפערט.

מיר זיינען אַנגעקומען צום בריק. אידען, מיט פאַרלייגטע הענט פון הינטען, קומענדיג נאָך פריהער פון אונז זיינען געשטאַנען קופּקעלעך־ווייז און געדרעהט מיט די גראָבע פינגער, ווי אַזוי לויט נאָך זייער שכל וואָלט די בריק געדאַרפט געבויעט ווערען, און די אינזשינערען האָבען זיי באַטראַכט פאַר אומנויטיג, וואָרום ווער ווייסט עס דען ניט, ווי אַזוי אַ בריק דאַרף זיין געבויעט ? מיר דאַכט—האָבען זיי גע׳טענה׳ט—אַז יעדער אינגעל האָט גע־לערענט אין חדר, אַז ווען משיח וועט קומען צופאָהרען מיט זיין ווייסען פערד אויסצולייזען דאָס אידישע פאָלק, וועלען אידען געהן איבער אַ פּאַפּירענער בריק, און ניט אַריינפאַלען, און די גוי׳אים איבער אַן אייזערנער בריק וועלען ניט זיין זיכער. דערפון איז טאַקע געדרונגען, אַז יעדער איד ווייסט ווי צו בויען אַ בריק —הייגט, צו וואָס האָט מען באַדאַרפט די גוי׳אים מיט זייערע בלויע פּאַפּירען ?

שטעהענדיג איינגעטוליעט אינ׳ם פעטער, האָב איך צוגעקוקט און באַטראַכט ווי אַזוי עס ווערט אַריינגעזעצט די אייזערנע סטופּעס טיעף אין דער ערד אַריין, און ווי אַזוי די בריק איז שוין אַזוי הויך אויסגעוואַקסען, אַז מען דאַרף שוין דעם קאָפּ פאַררייסען צו איהר אַ קוק צו טהון.

מיט אַמאָל איז געוואָרען אַ טומעל, אַ גערודער. אידען זיי־נען געוואָרען צושראָקען זעהענדיג פון וויטענס דאָס אַנקומען פון אַ צעשויבערטער מויד, און זיך געלאָזען קלעטערען איבער די אייזערנע שטאַנגען אין דער הויך, און אַ געשריי צווישען די בריק־

אַרבייטער, האָט זיך געלאָזן הערן. — פאַרהאַלט זי! כאַפּט זי! לאָזט זי ניט אַראָפּשפּרונגען ! און נאָך איידער עמיצער האָט צייט געהאַט זי צו פאַרהאַלטן, האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ ווילדער געשריי פון דער מויד, און אַ שפּרונג צום אָפּגרונט, וואו זי איז באַלד שטיל געבליבן.

עס איז באַלד געוואָרען אַ „סעמאַטאָכע", אַ גערודער פון מענשען, זיך אַראָפּגעלאָזן אויפצוהויבען די זעלבסט־מערדעריך. איך בין געשטאַנען און ס'האָט אויף מיר געציטערט די הויט פון לייב. צום ערשטען מאָהל צוזעהענדיג ווי אַ מענש שפּרינגט אַליין דער'הרג'עט צו ווערען ! . . .

צוריק אַהיים געהענדיג זיינען מיר שוין ניט געגאַנגען אין צווייען, נאָר אַ גאַנצע כאַפּטע מיט אידען. איך האָב מיין פעטער געהערט ריידענדיג צו זיי, אַז דאָס איז געווען עוזר חיים דעם שוסטערס מיידעל, וואָס איז פאַרפיהרט געוואָרען פונ'ם גבירישען שאַרלאַטאַנס זוהנדעלע, נחום עצי מיט די אויגען גלעזער, וואָס האָט זיך ערשט אַנגעטהון ווען ער האָט געדאַרפט שטעהן צום פּריזיוו . . .

ווען מיר זיינען צוגעקומען נאָהענט צו אונזער שטעדטעל, האָט מען אונז שוין אַנטקעגען געטראָגען די גוטע בשורה פון עוזר חיים'ס טאָכטער, וואָס האָט ניט געקענט אַריבער טראָגען די גרויסע בושה און זיך געלאָפען אַראָפּוואַרפען פון בריק.

דאָס גאַנצע שטעדטעל האָט דערמיט געקלונגען פאַר יאָהרען לאַנג, און באַלד דעם גביר'ס זוהנדע'לע אין חרם אַריין געוואָרפען און איהם פון שטאָדט פאַריאָגט ! . . .

# מיין דריטער רבי

(זכרונות)

ווען איך בין קוים אלט געווארען אכט יאהר, האבען שוין טאטע־מאמע וועגען מיר געטראכט מכוח א תכלית. עס איז ניט קיין פלאן — האב איך ניט איינמאהל הערענדיג ווי מיינע על־טערען רעדען צווישען זיך — אז אונזער „אויג אין קאפ" זאל נאך לערנען ביים כמעלניקער. דאס איז שוין דאן מיין צווייטער רבי געווען, — ווארום וואס קען ער דען דארטען אויסלערנען, אז מעהר ווי חומש מיט רש"י לערענט מען דארטען ניט! שוין צייט פאר אונזער זוהן אנצוהויבען לערנען גמרא. נישקשה — האט מיין טאטע גע'טענה'ט — זיין קאפ פארנעמט קיין עין־הרע. ער מעג שוין אנהויבען גמרא, און אפילו תוספות זיין מוז פאר־נעמט, — און עס איז געבליבען אז אי"ה תיכף באלד נאך יום־טוב, זאל מען מיך אוועקפיהרען צו א גרעסערען מלמד, טאקע גאר צום גרעסטען, וואס מען לערענט דארט גמרא.

דערפון האב איך גאר ניט געוואוסט, אז אין גיכען וועל איך דארפען פארלאזען דעם כמעלניקער רבי'ן און אנהויבען צו געהן אין א גאר גרויסען חדר, וואו מען לערענט דארטען העכערע לימודים. דאס איז געווען אין א דאנערשטאג נאך האלבען טאג, רופט מיך די מאמע צו און זאגט מיר אן די גוטע „בשורה", אז נאך היינט געהט זי מיט מיר אריבער צום גרויסען מלמד פון שטאדט, צו ר' אלתר'ן. — מען האט איהם גערופען ר' „אלתר גד", זיין צווייטער פאמיליען נאמען איז געווען זינקאף.

איך האב מיך אויסגעפוצט פונקט ווי מע געהט אין גימנאזיע: אנגעטהון מיין ניי קאסטיומעל, זיך מיט א בערשטעל, מיינע שיך ארומגעפוצט, א קוק געטהון אין מיין שוועסטער'ס שפיגעלע, וואס איז געלעגען אויף איהר קאמאדע, און די מאמע האט אנגעטהון איהר ניי זיידען טיכעל, וואס דער טאטע האט איהר געקויפט ערשט אויף יום־טוב, וואס ליגט די גאנצע צייט אינ'ם טאטענ'ס

מחזור, און דוקא אויף דער רעכטער זייט, ווייל אַזוי טראָגט זי עס אַלע מאָהל אויף דער לינקער זייט, כדי זי זאָל אויסקוקען נייער. ניט אַלעמאָהל קען מען אויסגעבען נייע געלדער אויף זיידענע טיכלעך. — דאַרף מען עס זעהן אַפּהיטען, סיי דעם טאַטענ׳ס האַרעוואַניע — פלעגט די מאַמע אַלע מאָהל טענה׳ן. אָנגעטהון אַן אַנדער פּליאַטי מיט׳ן נייעם שאַל אויף די אַקסלען.ביידע געקושט די מזוזה, פאַררוקט מיט׳ן רעגיל די טיר און זיך געלאָזט געהן צום רבי׳ן.

דעם אמת זאָגענדיג, אַז דעם גאַנצען וועג פון שטוב ביז צום רבי׳ן, וואָס האָט דעמאָלסט געוואוינט אַנטקעגען מירגעראַי דער בית־מדרש, האָט זיך פאַר מיר אויסגעצויגען לאַנג אַהן אַ שיעור. אַ סך אינגלעך וואָס האָבען מיך געקענט פון די צווייפריהערדיגע חדרים, האָבען מיך געפּרואווט אָפּצושטעלען און מיך פרעגען וואוהין איך געה מיט דער מאַמען אין אַ מיטען וואָכעדיגען טאָג אַזוי אויסגעפּוצט . . . אָבער איך האָב ניט געפיהלט זיך מיט זיי אָפּצושטעלען, ווייל דער טאָג איז פאַר מיר געווען צו הייליג און ליב צו פאַרלירען צייט מיט די אינגלעך, וואָס הויבען אפילו ניט אָן צו טראַכטען וועגען גרעסערע לימודים, און באַטראַכטענדיג די אַלע אָפּטע באַגריסונגען פון ווייבער, וואָס זיינען מיין מאַמען אַנטקעגען געקומען, האָט זי מיר אַלע מאָהל אָנגענומען ביים האַנט און מיט גרויס הנאה אַ זאָג געטהון — דאָס פיהר איך מיין אינגעל צו אַ גרעסערען מלמד — און בעת מעשה מיר שטאַרק געדריקט צו זיך פאַר גרויס ליבשאַפט.

צוקומענדיג גאַנץ נאָהענט צום נייעם רבי׳ן ס הויז, האָט מיר די מאַמע געגעבען צו וויסען, אַז מיר זיינען אינגאַנצען איין „אוי־גאַל״ (גאָס) פון רבי׳ן. איך ווייס ניט ווי אַנדערע אינגלעך האָבען געפיהלט צווישען די „בן־הזמנים״, ווען מען בייט זיך מיט די רביים און מיט די נייע חדרים, און אַלטע חברים. דערפאַר אָבער, האָב איך ביי זיך געפיהלט זייער יום־טובדיג, און אַריינקומענדיג צום ערשטען מאָהל צום גמרא מלמד צו ר׳ אלתר גד, דערזעהן פאַר זיך אַנטקעגען קומענדיג זיין ווייב, די רביצ׳ן, קריינע האָט מען זי גערופען, אַ הויכע, אַ דאַרע אידענע, מיט טונקעלע

באַקען איינגעפאַלענע, מיט אַ שוואַרצען קאַפּ האָר, פאַרבונדען מיט אַ קובליק פון הינטען. געפרעגט דער מאַמע צו ערשט, וואָס איהר פאַרלאַנג איז? און געהייסען אונז ביידע זיך זעצען אויף אַ לאַנ־גער חדר באַנק אַ הילצערנע.

באַלד איז אַרויסגעקומען איהר מאַן, דער רבי ר׳ אלתר, אַ שעהנער בכבוד׳יגער איד, מיט אַ רונדער ראַסיאַוועך באָרד און פינקעלדיגע אויגען. ער האָט אונז ביידען, מיך מיט מיין מאַמען באַגריסט מיט אַ פרעהליכקייט, גוט מוטיגען שמייכעל. איך האָב זיך באַלד געגעבען אַ שטעל אויף, איהם דערלאַנגט שלום־עליכם, און מיין קינדעריש האַרץ האָט בעת מעשה געפלאַטערט פאַר שרעק, ווי די פאַלענדע בלעטער אין אַסיען צייט. מיך אַ פרעג געטהון מיין נאָמען, ווי מען רופט מיך. און באַלד מיך צוגעטוליעט צו זיינע קניה, וואו איך האָב גלייך דערפיהלט אַ וואַרעמקייט, און פאַר מיר איז תיכף ענטרינען דאָס ציטערניש פון פריהער.

ער האָט זיך געהייסען מיין מאַמען זעצען נעהענטער צום טיש, וואָס איז געלעגען אַנגעלעגט פאַרשידענע ספרים און גרויסע גמרא׳ס און משניות׳ן, און מיט דער מאַמען געגומען רעדען מכוח אונזער ביידענ׳ס קומען. וועגען דעם שכר־לימוד האָב איך מיר דאַמאַלסט שטאַרק ניט צוגעהערט — דאָס וועט דאָך מיין טאַטע דאַרפען צאָהלען! — נאָר אַז איך וועל זיין אין חדר איינער פון די אינגסטע תלמידים אַנצופאַנגען מיט מיר לערנען גמרא — דאָס האָב איך מיך גוט איינגעהערט, און דער רבי האָט מיך געזעצט אויף זיינע קניה, געעפענט פאַר מיר איינע פון זיינע גרויסע ספרים און מיר געזאָגט, אַז דאָס וועט זיין די ערשטע גמרא, וואָס ער וועט מיט מיר אַנהויבען צו לערנען.

דעם אמת זאָגענדיג, ווען איך האָב צום ערשטען מאָהל דער־זעהן די אותיות פון דער גמרא, האָט מיר באַלד אַנגעהויבען צו שווינדלען אין מוח, זיך קלערענדיג, אַז דאָס וועל איך מיט דער צייט מוזען קענען אויף אויסווייניג. נאָר דאָס היימישע וואַרעמ־קייט און די צוגעצויגענקייט פון רבי׳ן האָט מיך באַלד געמאַכט צו פיהלען גוט און שוין געדענקט צו בלייבען אַזוי זיצען אויפ׳ן רבינ׳ס שויס — ביז איך וועל גרויס ווערען ! . . .

דער רבי האָט מיר אויך געוויזען נאָך אייניגע ספרים, וואָס מיר וועט, מיט דער צייט אויסקומען צו לערנען. איך האָב מיין נייעם רבי'ן געקוקט גלייך אין מויל אַריין און באַטראַכט זיין גרויסקייט, און זיך אַליין געוואונשען אין מיין קינדערשער פאַנ־טאַזיע צו ווערען אַזוי גרויס און לערנען ווי מיין רבי! . . .

באַלד זיינען אויך אַריין געקומען זיינע צוויי דערוואַקסענע זיהן און אַ גרויסע שוואַרץ חנ'עווידיגע טאָכטער און אַ קלענער מיידעל אין מיין גרויס און עלטער, ווי די רביצ'ין איז געשטאַנען ביים זייט, און דער מאַמען געגעבען צו וויסען, אַז דאָריין באַ־שטעהט זייער פאַמיליע. דער רבי האָט מיך אַראָפּגעלאָזט פון זיינע הענט, געגעבען אַ קניפּ מיר אין רעכטען בעקעל און מיר געזאָגט אויף העברעאיש: „כבד את אביך ואת אמך", וועסטו מעריך ימים זיין און אויסוואַקסען אַ גרויסער מענש ביים אידישען פאָלק ישראל.

מיר האָבען זיך מיט'ן רבי'ן און זיין משפחה געזעגענט. געזאָגט אַ גוטען־טאָג און געבליבען, אַז אי"ה באַלד פון אָנפאַנג וואָך קומען אין חדר לערנען. שוין געהענדיג מיט דער מאַמען אַהיים, האָט מיר ערשט די מאַמע דערצעהלט דאָס גרויסקייט פון מיין נייעם רבי'ן, ווי אַזוי איהר איז געלונגען און באַשערט מן השמים, אַז איהר בן יחיד זאָל לערנען אין אַזאַ חדר וואו עס לער־נען אַלע נגיד'ישע קינדער, און אַז ער איז דער איינציגער מלמד וואָס לערענט העכערע לימודים, ניט נאָר ביי אונז אין שטעדטעל, נאָר אפילו אין גרעסערע שטעדט וואָלט מען אויך ניט געקענט פאַרשעהמט ווערען מיט אַזאַ רבי'ן ווי ר' אלתר איז!

געהענדיג דעם גאַנצען וועג, האָב איך מיך שוין שטאַרק גע־פיהלט דערהויבען וואָס די מאַמע דערצעהלט, אַז פון היינט אָן וועל איך שוין אויך זיין איינער פון די גבירישע תלמידים, ווייל מיין טאַטע וועט שוין מוזען צאָהלען שכר לימוד צוגלייך מיט זיי, מיט די רייכע. און באַלד ביי מיין אַריינקומען אין שטוב, איז אונז דער טאַטע אַנטקעגען געקומען, ווען די מאַמע, ביים אויס־טהון דעם שאַל און דאָס זיידען טיכעל פון קאָפּ אַראָפּ, גענומען גלייך דערצעהלען איהר גרויסען אויפטהו וועגען מיך אַריינגעגעבען

אין אזא גרויסען חדר, וואו מען לערענט נאר גמרא און א סך אנדערע הויכע לימודים.

דער טאטע איז צו מיר צוגעקומען, מיך א כאפ געטהון אויף זיינע הענט, צוגעדריקט מיך שטארק צום הארצען און מיר גע־קושט אין שטערן. אין זיינע אויגען האט זיך געמערקט א פייכט־קייט פון טרערען, ווי מיין קינדערשער מוח האט ניט געקענט באגרייפען, צי דאס זיינען טרערען פון גרויס פרייד, אדער גאר וועגען גרויסען שכר לימוד צאהלען צוגלייך מיט די אנדערע נגידים ? . . .

דעם טאטענ׳ן בילד שטעהט מיר פאר די אויגען עד היום . . .

# אַ אידענע בלייבט אַ אידענע

(מאָנאָלאָג))

—אנטקעגענ דעם וואס איהר זאגט אַז ווייבער האבען ביין מאָס רייד — מאַכט צו מיר אַ אידענע זיצענדיג אין הארנ׳ס רעסטאָראַנט. — צרות ברענגען אַ מענשען צו אַלץ ! איהר מוזט אוּדאי דענקען, ווער ווייסט וויפיעל איך בין אַלט? נישט מעהר זאָלען מיינע שונאים לעבען וויפיעל איך בין אַלט! נאָר איהר ווייסט נישט, אַמשטיינס געזאגט — פון נחת לעבט מען ניט און פון צרות שטאַרבט מען ניט. — איך וועל אייך בעטען מיין ליבער פריינט — מאַכט צו מיר די אידענע — איהר זאָלט מיך אויסהערען, וואס איך געה אייך אַצינד דערצעהלען:

מיט מיר איז אַזאַ געשיכטע. קומען, קום איך פון אַ קליין שטעדטעל און טאַקע דאָרטען געהאַט דאס גרויסע גליק צו ווערען פאַרהייראַט, וואו עס האַט זיך נאָכהער אָנגעהויבען מיינע גרויסע צרות! אייך אָנהויבען דערצעהלען פון קינדווייס, וואָלט אייך ניט געסטייעט גענוג פאַפּיר, דאָס אַלץ צו באַשרייבען — וועל איך גלייך צוקומען צום ענין.

מ׳קען זאָגען, נאָך קיין איין גוטען טאָג ניט געהאַט אין מיין לעבען, און אַט וואס מיט מיר האט געטראָפען: ווי אייך איז באַקאַנט דאָס לעבען פון די אַמאָליגע קליינע שטעדטלאַך ביי אונז אין דער היים, ווען עס פלעג אַראָפּקומען אַ מאַנספּערשוין פון אַמעריקע, — אַזוי ווערט גלייך אַן איבערקערעניש. עפּעס אַ קלייניגקייט, אַן „אַמעריקאַנעץ״ איז געקומען! באַלד ווערט אַ „בהלה״ איבער׳ן גאַנצע שטעדטעל, ממש עס געהט כאַדאַראַם, כמעט ווי אויף רעדלאַך, און קינד און קייט לויפען, ווי אויף „אַ בייז וואָנדער״ אָנצוקוקען דעם נייעם „פּאַרשויך״ וואס איז געקומען אַזש פון אַמעריקע . . .

טרעפט זיך, אין אַ געוויסען טאָג קומט צו אונז אַראָפּ עפּעס אַ יונגערמאַן מיט גאָלדענע ברילען אויף דער נאָז און לאַקירטע

שיף און אַ שעהנעם אַנצוג, מיט אַ שטעקעל אין האַנט. געהענדיג אין גאַס האַלט ער עס אין איין דרעהען, מעשה וואוילער יונג ! באַפאַלען איהם תיכף שדכנים פון אַלע זייטען און מען רעדט איהם מיידלעך גאָר אָהן שיעור. דאַרף מיין אומגליקליכער שלים־מזל זיין, און איהם שטאַרק געפעהלען, און ער מאַכט ניט קיין צו פיעל שעלות און שטעלט מיט מיר גלייך אָפּ אַ חופּה, און שוין! און נעמט מיך מיט מיט זיך גלייך קיין אַמעריקע. איהר קענט אייך קוים פאַרשטעלען ווי אַזוי די מיידלעך פון אונזער גאַס זיי־נען דאָס געוועזען מיר שטאַרק מקנא. — סטייטש, סטייטש, עפּעס אַזאַ אויסכאַפּעניש, אַזאַ מזל פון אַ מיידעל, אַזאַ גליק ! געקומען אַזש פון אַמעריקע, זי גענומען אַזוי ווי זי שטעהט און געהט, אָפּ־געשטעלט אַ חופּה, זיך גאָר ניט נאָכגעפרעגט און זי גלייך מיט זיך מיטגענומען קיין אַמעריקע !

און שטעלט אייך טאַקע פאָר די גרויסע פרייד פון מיר אַליין! אַז איך, בתיה־העני דעם קירזשנער׳ס מיידעל, זאָל מיט אַמאָהל אַזוי אויפגעריכט ווערען. די פרייד פון מיינע עלטערען איז גאָר ניט צום באַשרייבען! און וואָס טויג אייך מעשיות. איך האָב מיך באַלד גענומען איינפּאַקען זיך, געזעגענט מיט מיינע עלטערען, און די הויפּט זאַך, די גרויסע „נקמה“ אין מיינע „חבר׳טעס“ וואָס מיך האָט אַזאַ גליק געטראָפען! זיך מיט זיי אַלע אָפּגעזעגענט, געזאָגט אַ „זייי־געזונד“ צום גאַנצען שטעדטעל, — און זיך גע־לאָזט מיט מיין „גליק שידוך“ פאָהרען קיין אַמעריקע !

פאָהרענדיג אין באַהן, — ווער איז דאַמאָלסט געוועזען צו מיר גלייך, ווי אַזוי איך האָב געפיהלט ? זיך אויפזעצענדיג אויף אַ שיף, — וואָס ווייס איך פון אַ שיף? — און וואוהין מען פיהרט מיך! די שיף איז אָפּגעשוואומען אין אַ פאַרטאָג, און צום לעצ־טען מאָהל געזאָגט אַ זייי־געזונד צו מיין אַלטער היים און צו מיינע מיידעלשע קינדער יאָהרען, און זיך געלאָזט מיט דער שיף שווימען אינ׳ם גאָלדענעם לאַנד פון אַמעריקע! ווי עס ווייזט אויס ווייסט קיינמאָהל ניט דער מענש, וואָס הינטער זיינע פּלייצעס קומט פאָר, און מיט מיר האָט פּאַסירט דאָס וואָס האָט ניט געדאַרפט פּאַסי־רען! אונזער שיף, וואָס האָט מיך געזאָלט פיהרען קיין ניו־יאָרק

איז גאַר געווען אַ פאַרדרעהעניש. ווי מיין מאַן האָט מיר געלאָזט וויסען, אַז דורך אַ טעות האָט ער גאַר פאַרביטען די שיף און מיך פאַרפיהרט אַזש קיין בראַזיליע.

—וואָס וויים איך, — אַ אידענע בלייבט אַ אידענע! אַנקור־מען, זיינען מיר פאַרפאַהרען צו מיין מאַנ׳ס „אַ פריינדינע״, אַזוי האָט ער מיר געזאָגט, און דאָרטען פאַרבליבען אויף נאַכט לעגער... צומאָרגענס, איך כאַפּ זיך אויף, מיין באַשערטער איז ניטאָ! וויל איך אַרויסגעהן פון צימער, איז גאַר דער צימער פאַרשלאָסען !... גאַטעניו, טראַכט איך ביי זיך, וואָס טהוט זיך דאָ מיט מיר ? ווי בין איך ערגעץ אין דער וועלט ? איך הויב אָן צו קלאַפּען אין דער טיר. עס קומט אַריין אַ פעטע פרוי מיט לאַכענדיגע אויגען, פרעגט מיר גאָר, וואָס איך וויל ? איך קוק זי אָן מיט ערשטוי־נונג, פרעג איהר, ווי בין איך דאָ ערגעץ אין דער וועלט? און זי רעדט זיך אַזוי געלאַסען, גיט מיר צו ערקלעהרען, אַז דאָ מוז מען אַלעס פאָלגען ! . . .

פון אָנפאַנג האָב איך טאַקע געדענקט, אַז אַלעס איז ניט מעהר ווי אַ שפּאַס. שפּעטער־צו אָבער, בין איך געוואוירע גע־וואָרען, אַז איך בין טיעף דאָ אַריינגעפאַלען! — בין געצוואונגען געווען פיהרען אַ לעבען פון שאַנדע. — וואָס טויג אייך זאָגען, איך האָב געמיינט, אַז אַזוי וועט זיך שוין מיין יונג לעבען פאַר־ענדיגען. דערפאַר אָבער איז דאָך דאָ אַ גרויסער גאָט אויף דער וועלט. מאַכט זיך אַ געשיכטע: אַפּזייענדיג אין יענעם הויז עט־ליכע חדשים, זיך „ראַנגלענדיג״ ממש מיט׳ן טויט . . . אין אַ געוויסען אָווענט קומט אַריין אַ יונגערמאַן, שעהן געפּוצט, מיט זעהר אַן איידעלען אויסזעהן. רעדט זיך אַזוי געלאַסען און שטיל —ניט אין פאַרגלייך מיט יענע אַנדערע גראָביאַנעס ! . . . צורעדט זיך מיט מיר אויף אַ זעהר אַנשטענדיגען אופן. לאָזט מיר וויסען אַז ער געהט זיין ביי מיר אין עטליכע טעג אַרום. ער האָט זיין צוזאָג געהאַלטען. אַרויפקומענדיג נאָך פריהער ווי ער האָט גע־זאָגט, פאַרפיהרט מיט מיר אַ שמועס וועגען פאַרשידענע וועלט־זאַכען, קוקט מיר גלייך אין די אויגען נאָך יעדען וואָרט וואָס איך רעד אַרויס . . . און ערקלעהרט זיך מיר אין ליבע ! . . .

נאכדעם ווי איך האב פאר איהם אויסגעגאסען מיין ביטער הארץ, דערצעהלענדיג איהם דעם גאנצען אמת, — מאכט ער מיט מיר אפ, אז איך זאל זיך גרייטען פאר אן איבערפאל מארגען דריי אזייגער פארטאג. אין דער גרויסער סומאטאכע וואס וועט פאר־קומען ביים איבערפאל, זאל איך זיין גרייט צו נאכפאלגען אלעס וואס ער וועט מיר הייסען. איך האב קוים דערצויגען יענעם פארטאג. איך וועל עס קיינמאהל אין מיין לעבען ניט פארגעסען! דאס איז געווען אין א פרייטאג צו נאכטס, דריי פארטאג, ווען פלוצים איז אונזער „הויז" באפאלען און ארום געריינגעלט גע־ווארען מיט פאליציאנטען. ניט וויסענדיג וואס פריהער צו טהון, האב איך דארט אלעס געלאזען. דער יונגערמאן האט שוין גע־האט אן אפמאך מיט דער פאליציי מיך פריי צו לאזען, וואו עס איז געווען פאר מיר אנגעגרייט א טעקסי, און מיר זיינען אוועק אינ׳ם געדרענג פון יענעם הויז. ווען איך האב מיך געטראפען מיט מיין נייעם פריינט אין יענעם האטעל וואו מיר זיינען ביידע פארפאהרען, האב איך שוין קיין אויג ניט געקענט צומאכען..

זייענדיג גענוג צושראקען נאך פון מיין פריהערדיגע גע־שעהעניש, האט ער מיך בארוהיגט מיט ליבליכע קושען, מיר אויס־גערעדט דאס הארץ. אפזייענדיג עטליכע טעג האבען מיר ביידע פארלאזט די שטאדט און אפגעפאהרען אין א דערבייאיגער שטאדט וואו מיין נייער פריינט האט דארטען געהאט זיינע מסחרים. מיט דער צייט זיך שטארק צוגעוואוינט צו איהם און מיר האבען זיך איינגעארדערט א היים און זיך געלעבט זעהר גליקליך. פון צייט צו צייט זיך דורך געשריבען מיט מיינע עלטערען, זיי פון קיין זאך ניט געשריבען וועגען זיך, ווייל איך האב זיי ניט געוואלט פארשאפען קיין עגמת־נפש. מיט דער צייט אויך געבוירען עט־ליכע קינדער און זיך אזוי דארט געלעבט עטליכע צענדליג יאהר אין גרויס צופרידענהייט. איין טאכטער האבען מיר פארהייראט צו א מאן וואס קומט פון מאנטרעאל. מיט דער צייט האבען זיי זיך איבערגעצויגען און זיך באזעצט טאקע דא אין מאנטרעאל. די אנדערע קינדער אויך מיט דער צייט חתונה געמאכט, און אלעס איז זיך געגאנגען ווי מען זאגט, אין עושר און אין כבוד.

מיט א מאהל האט אויסגעבראכען א גרויסער קריזיס און אונזערע געשעפטען האבען אנגעהויבען צו געהן ווי מען זאגט, מיט דער פוטער אראפ. עס איז געקומען צו באנקראט. מיין מאן האט זיך זעהר שטארק גענומען דערפון צום הארצען און איז קראנק געווארען, און איז אין קורצען געשטארבען. פארבליבען בין איך אן ארימע עלענטע אלמנה. שוין ניט די שעהנע בתיה־העני וואס אמאהל געווען. אביסעל געלט פון מיין מאנ׳ס איב־שורענס וואס איך האב אפגענומען נאך זיין טויט, האב איך באַ־שלאסען צו קומען קיין קאנאדע. טאקע צו מיין טאכטער, וואס וואוינט דא. אט אזוי בין איך שוין דא טאקע אויך פארבליבען.

אבער הערט א געשיכטע וואס קען זיך טרעפען. מיין טאכ־טער׳ס מאן האט זיך געמאכט א דרעס פעקטארי, וואו דער נייער „דעזיינער׳׳ איז געווען זיין פאטער. מיר האט קיין זאך ניט געפעהלט. צו מיין טאכטער אין פעקטארי בין איך זעלטען גע־קומען. — איינמאהל זאגט צו מיר מיין טאכטער: — מאמע! קום מיט מיר אריבער אין פעקטארי, וועסטו כאטש זעהן דיין טאכטער׳ס פארמעגען! בין איך מיט איהר געקומען אין פעק־טארי. אומעטום באטראכט און באקוקט און שטארק צופרידען געווען מיט מיין טאכטער׳ס גליק. מיין טאכטער האט מיך פאר אלע זייערע ארבייטער פארגעשטעלט. ארייגקומענדיג צוריק אין אפיס, קומט אריין אן עלטערער מאן — מיין טאכטער שטעלט מיך פאר, און זאגט מיר, אז דאס איז אונזער נייער „דעזיינער׳׳. איך גיב א קוק אויף איהם און מיין הארץ ווערט מיר ווי פאר־שטיינערט! איך האב גלייך דערקענט אין איהם מיין אמאהליגען פארפיהרער! . . . איך בין גלייך געפאלען אין חלשות. קומענ־דיג צו זיך, האט מיך מיין טאכטער גענומען אויספרעגען, וואס האט מיט מיר אזוינס פאסירט?

האב איך ניט געוואלט פארשעהמען מיין טאכטער און איהר זאגען ווער איהר מאנ׳ס פאטער איז . . . פון יענער צייט אן קום איך ניט מעהר אין מיין טאכטער׳ס פאבריק. בין אויך ניט איבעריג צופרידען מיט איהר גוטס, און פיהל זיך די אומגליק־ליכסטע מאמע אויף דער וועלט.

נאך אין יענעם טאג איז דער „דעזיינער״ פון דארטען אוועק און מען ווייסט אפילו ניט וואו זיין געביין איז אהין געקומען.

ס׳איז שוין דעריין עטליכע יאהר ווי מיין איידים האט אויפ־געגעבען זיין דרעס פעקטארי, און מאטערט זיך צו מאכען א לע־בען. איך אליין גרעפין זיך אויף די עלטערע יאהרען אין א צימער ביי פרעמדע מענשען. איך אליין, ווי איהר קוקט מיך אן, שלעפ זיך ארום מיט א קאשיק צו פארקויפען בייגעל, און אזוי ווי איהר זעהט איז מיר ניט איבעריג צו מקנא זיין אויף מיין טייערער על־טער. שוין אט אזוי א דערשלעפען דאס ביסעל יאהרען אויף דער נארישער וועלט. איך זעה, איהר קוקט שוין אויפ׳ן זייגער, אביסעל זיך צופיל פארדעדט, ווי זאגט מען, ווייבער האבען פארט ניין מאס רעדי! א אידענע בלייבט א אידענע! אבער דערפאר פיהל איך ביי זיך ווי א שווערינקייט איז מיר אראפ פון הארצען. —זאלט איהר מיר געזונט זיין, האט קיין פאראיבעל ניט, אויב ניט זיך אויסצורעדען דאס הארץ פאר אזא מענשען ווי איהר זענט, קען דאך דאס הארץ פלאצען.

לאנג לעבען אלט איהר, וואס איהר האט מיך אויסגעהערט. איהר האט, קען מען זאגען, א געוואלדיגען געדולד, האט איהר. די אידענע האט א נעהם געטהון איהר קאשעק מיט בייגעל, מיך געזאגט א גוטען־טאג און זיך געלאזט ארויסגעהן פון רעסטאראנט, מיט אן אויסרוף: בייגעל, אידען, קויפט, גיט צו לייזען און דער־האלט אן ארימע בייגעל פארקויפערין . . . בייגעל, פרישענקע, צאפעלדיגע, נאר וואס פון אויווען ארויס.—קויפט אידען קויפט!...

# דעם טאַטענ׳ס נחת

(בילד)

— וואָס זשע, איהר וואונדערט זיך מיין ליבער פריינד — ווי עס קומט צו מיר טרערען אין די אויגען אין אַזאַ שעהנעם טאָג! ווען די זון שיינט? — מאַכט צו מיר אַ איד, זיצענדיג צוזאַמען אויף איין באַנק אויף די מאָונטיינס, פונקט אַנטקעגען דעם היגען „מושב זקנים״. — ווען דאָס הארץ איז פאַרביטערט, וויינט זיך פון זיך אַליין — רעדט דער איד צו מיר — און אַז אפילו אַ טאַטע האָט דען קיין הארץ ניט ?

נאָר בעסער, גאָר שווייגען, ווייל דאָס הארץ טהוט וועה און שויך. נאָר ווען איך האָב דעם אידען געגעבען צו ערשט אַ שמעק טאַבאַק און ער האָט זיך האַרציג אויסגעניסט . . . האָב איך אַרויס־גענומען מיין קעסטעלע סיגאַרעטלעך. — מיר האָבען ביידע פאַר־רויכערט — האָב איך דערפיהלט ווי דעם אַלטיטשקען איז אַ סך גרינגער געוואָרען. פאַרציהענדיג דעם רויך, האָט ער זיך שטאַרק צוהוסט . . . אַזוי אַז ער האָט קוים געקענט דעם אָטעם אָפּכאַפּען צוריק. אַרויסנעמענדיג אַ רויטע פאַטשיילע פון קעשענע, זיך דעם שוויים אַרום געווישט און אָנגעפאַנגען צו דערצעהלען:

—איהר מעגט עס אויסהערען — מאַכט ער צו מיר—ס׳וועט אייך אַליין אַמאָהל צונוץ קומען! וויסענדיג ווי אַזוי אַ טאַטע ווי איך אומשטיינס געזאָגט און אָפּגעלאָפען אַ וועלט, אַ נאַרישע וועלט קען מען זאָגען — אפשר ווייסט איהר צו וואָס ? און דעם גרויסען דאַנק פון מיינע קינדער ניט אויסגערעדט זאָל זיין באַקומען, — און „זי״ מיינט איהר, מיין ווייב, מיין „קליפה״ איז פונקט ווי זיי ! ס׳איז נאָך ניט געהערט געוואָרען אין דער גאַנצער וועלט, אַז אַ טאַטע ווי איך, וואָס בין אָפּגעלאָפען און אָפּגעפינסטערט מיין לעבען פאַר זיי, זאָל אַצינד ניט האָבען וואו מיין קאָפּ אַוועק־צולייגען. וועה איז צו מיינע אַלטע יאָהרען, וואָס איך האָב עס גאָר דערלעבט צו זעהן ! . . .

—איהר האָט דאָך אודאי צייט, מיין ליבער איד — רעדט צו מיר דער אַלטינקער, מעגט איהר נאָך זיצען אַביסעל. סיי־ווי־סיי זונטאָג אין דער פריה, וואָס איז די איילעניש? געַנוג געלאָפען ביז איצט, אַזאַ נאַר וואָלט איך שוין מעהר ניט זיין — נאַר ווי בין איך פאַרקראַכען? איך האָב דאָך אייך עפּעס געוואָלט דער־צעהלען: —זייענדיג אַ אינגעל פון ניין יאָהר, האָט מיך שוין מיין פאָטער געַנומען צו דער אַרבייט. ער איז געווען אַ דאַמסקי שניי־דער, איז ער געווען. איהר קענט פאַרשטעהן, ווען איך בין דריי־צעהן יאָהר אַלט געוואָרען, בין איך שוין געווען אַ „פאַלנער שניי־דער״, עס הייסט, אַליין געקענט שוין מאַכען אַ גאַנצען מלבוש. אַליין איהם צוגעשניטען, אַליין אויפגענעהט און אויסגעפּרעסט, אפילו איין מאָהל איהם פריהער ניט געמאָסטען. ער האָט געדאַרפט זיין מיט אַלע קליפּערלאַך, ניט געטאָרט זיין אפילו אַן איבעריגער פאַדעם אין איהם. אין דער שניידערשער פּראָפעסיע האָט מען אַ סך גערעדט וועגען מיר. — עפּעס אַ קלייניגקייט, הערשעל, אברהם חיים׳ס זוהן! זייַנע הענט איהם אויסצוקושען! ער, אַז ער מאַכט אַ שטיק אַרבייט איז מיט גאָלד צוגלייך — אַזוי פלעגען זיי אַלע רעדען וועגען מיר.

צו פערצעהן יאָהר זיך שוין מיט אַ מיידעל באַקאַנט. איך זאָג אייך, ממש אין איהר „צורה״ ניט קוקען. עפּעס אַ קלייניג־קייט אויסצורעדען ציפּקעלע דעם זייגער מאַכער׳ס? אַ מיידעלע ווי אַ ליאַלקע ! ווען איך פלעג געהן מיט איהר אין גאַס, האָבען אַלע בחורים זי געשלונגען מיט די אויגען. זעהט נאַר — פלעגען זיי זיך חכמה׳נען, הירשעלע אברהם חיים דעם שניידערס זוהן, ער דאַרף האָבען ציפּקעלען פאַר אַ כלה.

אָבער ניט ווי דער מענש וויל. — דאַרף זיך מאַכען אַ סיבה דערביי . . . איהר ווייסט ניט, אינגעלשער שכל ? זיך באַנאַ־רישט ! . . . פאַר בושה געמוזט פאַרלאָזען מיין שטעדטעל און אַוועק געפאָהרען קיין ענגלאַנד, און זיך אַפּגעשטעלט אין גלאַז־גאָו. — קוים זעכצעהן יאָהר אַלט געווען. זיך אַפילו מיט איהר דורכגעשריבען, — ביז אין אַ שעהנעם טאָג, באַקום איך אַ בריף פון מיין ציפּקעלען, אַז איהרע עלטערען שיקען זי אַוועק קיין

אַמעריקע צו איהרען אַן אַנקעל, ווייל ס׳האָט שוין געהאַלטען צו ווייט . . . האָבען איהרע עלטערען געוואָלט פאַרדעקען די בושה. זינט יענער צייט, ניט געהערט פון איהר. ווער ווייסט, אפשר גאָר שטראָפט מיך אַצינד גאָט דערפאַר !

אָפזייענדיג עטליכע יאָהר אין ענגלאַנד, מענשען זיך דער־ וויסענדיג, אַז איך בין אַ גוטער פאַרדינער, האָט מען מיר פאַר־ דרעהט מיין קאָפּ מיט אַ מיידעל, וואָס איז געוועזען ניט מיין גלייכען, זעהר קאַפּריזנע און אומרוהיג איז זי אַלע מאָהל געוועזען. געשטעלט מיט איהר אַ חופּה, געוואוינט מיט איהר אַ פּאָר יאָהר דאָרטען, וואו מיין ערשטע קינד איז געבוירען און נאָכהער געקומען קיין קענעדע, וואו איך געפין מיך שוין דאָ היבשע צעהנדליגע יאָהרען וואו זי האָט מיר געבוירען נאָך עטליכע קינדער. עס הייסט, דריי זיהן און פיער טעכטער, שוין אַלע חתונה געמאַכט. אַ טייל פון מיינע קינדער וואוינען ניט מיט מיר צוזאַמען. איך ווייס אפילו ניט זייערע אַדרעסען און אין וואָס פאַר אַ שטאָדט זיי וואוינען. ניט זיי שרייבען צו מיר, ניט איך ווייס וואו זיי זיינען. וואָרום צו וואָס דאַרפען זיי דען האָבען אַזאַ אַלטען טאַטען ווי איך בין? דערצו נאָך אַן אָרעמען טאַטען !

מיט מיין אַלטער, רעד איך ניט שויין יאָהרען לאַנג. איך געפין זיך ווי אַן איבעריגער מענש אין הויז, נישטאָ צו וועמען אַ וואָרט אויסצורעדען. קיינמאָהל קיין צייט ניט געהאָט אַריין צו קוקען אפילו אין אַ אידישער צייטונג! זיך ניט געשאַפען איין גוטען פריינט. — אַצינד אויף די אַלטע יאָהרען פאַרבליבען אַן עלענטער און איבעריגער מענש אויף דער וועלט ! . . . נישטאָ אפילו פאַר וועמען דאָס ביטער האַרץ אויסצורעדען. יעדען טאָג דרעה איך זיך פון איין גאַס אין דער צווייטער, אַ פּוסטער לעבען, אַן אויס־ געשעפּטער !

פון וואָס איך לעב, פרעגט איהר ? די קינדער געבען מיר צו פופציג סענט אַ וואָך, און די דירה מיט׳ן ביסעל עסען — דע־ רויף איז דאָך דאָ גוטע האַרציגע מענשען ! . . . אויפשטייגער, וואָס פאַר אַ נוצען ברענג איך דען אויף דער וועלט? צוזאַמען זיצען ביי איין טיש וואו מאַן און ווייב פיהרען זיך, דאָס איז ניטאָ

ביי אונז, שוין אַזוי פון יאָהרען לאַנג. — טרעפט מיך אַמאָהל אין גאַס עמיצער פון מיינע קינדער, געפינען זיי אפילו ניט פאַר נויטיג מיך אָפּצושטעלען, אָדער באַגריסען מיך — פּונקט ווי איך וואָלט ניט זיין זייער טאַטע, נאָר עפּעס אַ ווילד פרעמדער.

פּסח צו די סדרים, מיר אויסגעגאַנגען מיין חיות צו זיצען מיט די קינדער ביי איין טיש, ווי עס פּיהרט זיך ביי לייטען. אַליין אָפּגעזונדערט אין אַ ווינקעל פון מיין צימער, געזעסען צונויפ־געדרעהט אין דרייען און זיך איינגעהערט צום געזאַנג וואָס האָט זיך דערטראָגען פון מיין שכנ׳ס פענסטער, ווי ער פּראַוועט די סדרים. מיין האַרץ איז מיר פון ווייטאָג שיעור ניט צעריסען געוואָרען הערענדיג די זיסע נגונים פון דער הגדה ! . . . קיינער זאָל צו מיין האַרץ ניט געפּרואווט ווערען ! צו געהן אין אַ „מושב זקנים״ שטעהט זיי ניט אָן מיינע קינדער. זיי שעהמען זיך פאַר לייטען. וואָס וועלען מענשען רעדען? קום איך יעדען זונטאַג אַהער, קוק אַרויף צו דער „גאַלערי״ פון מושב זקנים — אפשר זי פאַרט באַגעגענען, מיין ציפּקעלען ! פאַרט זי אַזוי הייס אַמאָהל ליב געהאַט. נאָר ווער ווייסט צי זי לעבט גאָר אפילו, אָדער ווי קומט זי דען אַהער ?

שוין אַזוי פיעל יאָהרען פון איהר ניט געהערט. נאָר איהר ווייסט ניט, אַ האַרץ קען מען דען אָפּנאַרען? ווי אַזוי איך בין נידערגעשלאָגען און צובראָכען, אַלט און אָפּגעלעבט. ווי איהר קוקט מיך אָן בין איך שוין ביי די ניינציגער, אָבער ליבע וויל פון קיין זאַך ניט וויסען. ליבע ווערט קיינמאָהל ניט אַלט! אַזוי ווי איהר זעהט, טליעט אַ העליש פייער אין מיין צובראָכען האַרץ, און עס בייַנקט זיך נאָך מיין אַמאָהליגער געליבטע! — ניט גע־ווען באַשערט צו האָבען אַ ביסעלע פאַרגעניגען, אַ שטיקעלע נחת אין לעבען. — איך זעה איהר קוקט שוין אויפ׳ן זייגער — מאַכט צו מיר דער איך — איהר איילט זיך צו געהן? אייך איז טאַקע גוט — זאָגט ער צו מיר — איהר האָט אַ היים, איהר ווייסט ווי איהר געהט! אָבער וואו איז דען מיין היים? וואוהין האָב איך צו געהן און מיט וועמען האָב איך דען אַ וואָרט אויס צו ריידען, אַז אַלעס איז אַזוי פּוסט, אַזוי איינזאַם! אַ נאַרישע וועלט! צוליב

וואס דרעה איך מיך דא ארום ? — גליקליכע מענשען, וואס זיינען אין „מושב זקנים"! זיי האבען כאטש א ווארעמע און ריינע היים. אבער איך? עלענטער, אלטער, צעבראכענער טאטע !

ביים געזעגענען זיך האט זיך באוויזען טרערען פון זיינע אויגען, און גערינען אויף זיינע אלטע צעקארטשעטע באקען — גענומען זיין שטעקען אין האנט און מיר געדאנקט פאר מיין פריינדשאפט, וואס איך האב איהם אויסגעהערט. מיר געזאגט א גוטען טאג און זיך געלאזט צו זיך אהיים ! . . .

# שרה די בעקערין

זינט שרה די בעקערין איז אראפגעקומען צו אונז אין שטעד־טעל און אויפגעעפענט איהר קליינע בעקעריי, האבען די ווייבער ניט אויפגעהערט צו ריידען פון איהר. ווער אויף שטייגער — האט מען ניט איינמאהל געהערט רעדענדיג — וועט געהן קויפען פארטיגע ברויט און קוילעטשען צו דער נייער בעקערין ? סך הכל האבען ווייבער געוואוסט אפצובאקען געבעקס אויף דער גאנצער וואך, ווערענדיג פארנומען שוין פון דאנערשטאג גאנץ פריה מיט׳ן צוגרייטען מעהל אויף שבת און אויך אנדערע זאכען צום באקען. מען קען ניט זאגען, אפילו געווען שווערלאך אנגעקומען דאס צו־גויף צו שטעלען דעם שבת, ניט איינמאהל טראגען א „משכון״ פארזעצען צו ביילי דער טיקערין אבי ניט אנקומען צו א מענ־שענס גאב און דארפען ביי די שכנים בארגען א חלה אויף שבת צי עפעס אנדערש.

דערפאר האבען זיך די ווייבער גאר גע׳חידושט מיט׳ן עפע־נען די נייע ברויט בעקעריי, און בשום אופן ניט געקענט זיך איי־ניגען מיט׳ן געדאנק, פון וועמען אויפשטייגער קען שרה די בע־קערקע לייזען געלט, ווען אלע ווייסען שוין זינט זיי זיינען צום שכל געקומען, אז אויף שבת מוז מען אליין באקען חלה, און דאס איז שוין אזוי געווען פאר דער גאנצער וואך. ווען ניט ווען האט זיך געמאכט, מען זאל דארפען לייהען א ברויט אין מיטען וואך, כדי אויסצושטיקעווען ביז׳ן באקען.

אבער ווען מען האט געזעהן אין א קורצער צייט אפלייגען נייע, נאך ניט געטעסטעטע קלעצערביים זייט פון נייער בעקעריי, האט זיך תיכף געשטעלט ביי יעדען די פראגע, צו־וואס ? נאר ווען מען האט שוין געזעהן אויפגעשטעלט די נייע רעסטאוואניע ארום דער בעקעריי און געגומען פארציהען סנאוואני, דאס האט שוין ארויס געריפען געגוג מוטה צום ריידען קופקעלעד־ווייז, ווי

מען איז געגאַנגגען און געשטאַנען.

פון וואַנעט אַזאַ רייכטהום האָט זיך מיט אַמאָהל גענומען אין אַזאַ קורצער צייט צו שרה דער בעקערקע האָט קיינער ניט געוואוסט און בשום אופן ניט געקענט פאַרשטעהן. ערשט ביים אַרויפציען דעם דאַך מיט די קראַקוועס האָט זיך פון צייט צו צייט אַנגעהויבען באַווייזען אַ נייע קאַרטע ווי דעם פּריץ׳ס זינדעל איז דאָרטען געזעסען . . .

ערשט אַצינד האָט מען זיך גענומען סוד׳ן און דערגאַנגגען צו וויסען אַלעס, אַז דעם פּריץ׳ס זוהנדעל קומט ניט וועגען עולם הבא ! . . . ווען מען האָט גוט גענומען חוקר ודורש זיין, האָט מען געזעהן ווי צירעלע די בעקערקעס טעכטעריל איז גאָר אַ גאַנ־צע שמעלקע מיט איהם, און לויט גאָסי, אברהם חיים דעם פישערס ווייב האָט דערצעהלט, ווי זי האָט אַליין געזעהן אין אַ געוויסען פאַרטאָג, געהענדיג אין יאַטקע אַריין, פאַרביי די שוהל גאָס, ווי צירעלע מיט׳ן שייגעץ, עס הייסט דעם פּריץ׳ס זוהן, האָבען דאָרט אַרום געשפּאַצירט און זיך שטיל געסוד׳עט . . .

שוין פון דעם אַליין האָט מען גענומען ריידען גאַנץ געשמאַק, אַז דערפון טאַקע האָט זיך גענומען דאָס עשירות צו דער נייער אַראָפּ געקומענער בעקעריך, — און ווייבער האָבען זיך אַ לאָז געטהון ברויט צו קויפען כדי צו דערגעהן דעם סוד דערפון.

אָבער שרה אַליין, האָט דערפון ניט געוואוסט. ערשט ווען זי האָט דערזעהן איהר צירעלען זיצען אין שטוב און פאַרגרעסערען איהרע קליידער, וואָס האָבען אַנגעהויבען אויף איהר קלענער צו ווערען . . . האָט זי באַלד דערזעהן איהר גרויסען אומגליק פאַר זיך. — פאַר וועמען צו קלאָגען זיך האָט שרה ניט געהאַט, ווייל אַראָפּקומענדיג אין שטעדטעל, האָט לאַנג ניט גענומען, ווי איהר מאַן איז קראַנק געוואָרען און איז געשטאָרבען. — וועהרענדיג אַ ביטערע אלמנה האָט מען גענומען קוקען אויף איהר מיט גרויס רחמנות, ביז מען האָט זיך דערוואוסט פון איהר טעכטעריל, און ווי אַזוי איהר בעקעריי האָט פלוצים גענומען וואַקסען גרעסער. דערפאַר אָבער וועלען די מענשען אַ לאַנגע צייט געדיינקען יענעם טאָג ווען די בעקעריי האָט גענומען ברענען — פונקט אין זעלבען

טאג ווען מען האט צירעלען פון ברונעם ארויסגעצויגען א דער־טרונקענע! — און דערוואוסט האט מען זיך טאקע אין זעלבען טאג, שוין נאך אלעמען, — אז שרה האט זיך גוט צעווערטעלט מיט איהר טאכטער ווענען דער גרויסער בושה וואס זי האט איהר געשאפען, וואו זי קען איהר פנים אפילו ניט ווייזען געהענדיג אין גאס.

און צירעלע האט ביי זיך פעסט אפגעמאכט, אז מעהר קיין שאנדע וועט זי צו איהר מאמע ניט ברייגגען, און זיך געלאזט צום ברונעם לויפען. ווען איהר מוטער האט זיך דערפון דער־וואוסט, און איבערלאזענדיג איהרע געבעקסען אין ברענענדיגען אויווען, וואס דערפון האט זיך געשאפען דאס פייער און די בע־קעריי איז ארונטער ביז צום ענד. מ'האט אפילו גע'שמועסט, אז דער פריץ האט געוואלט צוריק אויפבויען איהר בעקעריי און דער־מיט איהר שאדען גוט צו מאכען, אבער דערפון האט זיך שרה אפגעזאגט. זי האט זיך נאך א פאר מאהל נאכ'ן גרויסען אומ־גליק פון איהר טאכטער באוויזען אין די גאסען מיט א פאר קאַ־שיקעס ברויט, אבער ס'האט לאנג ניט אנגעהאלטען, ווי זי האט איהר בושה ניט געקענט באהאלטען אין זיך, און אין א געווויסען פריה מארגען, ווען אידען האבען אנגעהויבען קומען אין קלויז אריין דאווענען, האט מען זי, באלדביים אריינגאנג, געטראפען הענגענדיג, ווי זי איז שוין געווען טויט.

דאס שטעדטעל האט זי ארויסגעבאגלייט מיט א פאראדנער גרויסער לויה, און איהר פלאץ אפגעגעבען זייט ביי זייט לעבען איהר דערטרונקענער טאכטער.

יענע פאסירונג איז פארצייכענט געווארען ביים רב פון שטעדטעל אינ'ם גרויסען שטאדטישען פנקס ! . . . וואו מען האט נאכדעם א היבשע צייט דערפון גערעדט און געשמועסט.

# לייבעלע שמש

(בילד)

מיט אַ קאַרגע פופציג יאָהר צוריק, זייענדיג אַ קליינער אינגעל גערענק איך, האָבען מיר דאָן געוואוינט אין ר׳ זלמן׳ס גאַס, און מיין טאַטע האָט געדאַוונט טאָקע אין ר׳ זלמן׳ס קלויז, וואו דער חזן איז געווען ר׳ נחום דער קרומער. און לויט ווי מיין פאָטער פלעג דערצעהלען האָט דער חזן ר׳ נחום שוין דאָרט געדאַוונט אַ פאָר צעהנדליג יאָהר, וואו יעדער איד האָט זיך ממש באַלעקט פון זיין זיס דאַוונען.

יעדען פרייטאָג צו נאַכטס, קומענדיג מיט׳ן טאַטען אין קלויז האָט איך דערפיהלט ווי אַ הייליגקייט פון גייסט האָט מיך אַרומ־גענומען און מיט גרויס יראת הכבוד פלעג איך שטעהן צוגעטער־ליעט צום טאַטען און זיך צוהערען צום „מתוקות״ פון חזן׳ס דאַוו־נען, באַטראַכט יעדע זאַך מיט אַזוי פיעל השפעלות, און דאָס שעהנקייט פון די קריסטאַלענע הענג לאַמפען מיט זייער העלי־שער ליכטיגקייט האָבען צוגעגעבען אַזאַ געשמאַקען חוש צו דער מענשליכער נשמה, וואו יעדער איד האָט געפיהלט ממש ווי די שכינה רוהט אין שוהל. און ווען דער חזן האָט אַ זאָג געטהון דעם „לכו נרננה״, האָט יעדען אַרומגעכאַפּט אַ הייליגע שטימונג און געמאַכט פאַרגעסען אינ׳ם אַלטען וואָכעדיגען לעבען און זיך דערפיהלט דערהויבען מיט זיין „נשמה יתירה״ און מיט גרויס „כונה״ נאָכגעזאָגט קאַפּיטעל נאָך קאַפּיטעל. ווען ס׳איז געקו־מען צו זאָגען „בואי בשלום״ האָבען אַלע אידען, ווי איין אויסגוס זיך געגעבען אַ דרעה אויס מיט אַזאַ אימפּעט און ברען, פונקט ווי דאָס וואָלט זיין אין אַמאָהליגען „בית המקדש״! נאָכ׳ן דאַוו־נען האָט יעדער איד מיט אַזאַ זיסע וואַרימקייט זיך געזאָגט „גוט־שבת״ און די אויגען געווענדעט צו די אויבער פענסטער פון דער ווייבערשער אָפּטהיילונג.

יעדער איד, ביים אַרויסגאַנג פון קלויז — אַ קוש טהועדיג די מזוזה, און זיך געפיהלט גאוה׳דיג און דערהויבען. דער לעצ־טער צום פאַרלאָזען די שוהל איז פאַרבליבען לייבעלע שמש. ווי נאָכ׳ן פאַרשליסען די טהירען, האָט ער דאָס שליסעלע אַרונטער געלעגט ביי דער זייט שוועל, אין אַ שפּאַרינע, ווי אויסער איהם אַליין איז דאָס פאַרבליבען אַ סוד פון יעדען.

נאָכ׳ן עסען האָבען זיך אידען געלאָזען געהן צום רבין׳ס טיש, וואו אין יענער צייט האָט דאָרט געקעניגט דער רבי ר׳ דוד׳ל פון ראַכמאַסטריווקע, וואו „חסידים״ פון איבעראַל פלעגען אַלע מאָהל זיין ביים רבינ׳ס טישען פראַווען . . . דער רבי בכבודו איז זיך געזעסען העט פון אויבען אין מזרח. פוןביידע זייטען לאַנגע טישען באַדעקט מיט ווייסע טישטיכער זיינען געזעסען אידען מכל המינים, מיט פאַרשידענע קאָלירטע בערד און זייערע אויגען גע־גלאַנצט צום רבי׳ן זאָל לעבען, געוואַרט דער רבי זאָל אויסטהיילען שיריים !

דער גבאי ר׳ זלמן האָט אַרום געשפּרייזט איבער דער לענג טישען מיט ווייסע זאַקען און פּאַנטאָפעל. אויסגערופען וואָס עמי־צער איז „מנדר״ לכבוד דעם רבי׳ן. ווער אַ פלאַש ווייז אָדער אַנדערע משקאות. ר׳ עלי דער יאַהר חזן מיט זיינע געקרייזעלטע פּאות מיט זיינע צוויי בנים׳לעך ביים זייט, האָט מיט פאַרגלאַנצ־טע אויגען צום סטעלי, געזונגען „זמירות״, וואָס די נגונה האָט ממש דאָס האַרץ דערקוויקט. אידען האָבען געשאָקעלט מיט די קעפּ און צוזאַמענ־געפלאַכטען די הענט מיטגעזונגען, און ניט אַראָפּגעלאָזען אַן אויג פון רבי׳ן זאָל לעבען ! . . .

צום בענטשען איז אַריין געקומען די רביצין מיט איהר טאָכ־טער און אייניקלעך, געשטאַנען צוזאַמען ביים זייט פון רבי׳ן, זיך צוגעהערט צום „מזומן בענטשען״, אויך אייניגע מאָהל פלעגט דער רבי אויסטהיילען „כבודים״ צו אָנגעזעהענע בעלי־בתים, אָדער סתם „יורדים״, זיי „מכבד זיין״ מיט די ערשטע ברכות פון — רבותי, מיר׳ן בענטשען — וואו די אַנדערע אידען פלעגען זיך אין זיי מתקנא זיין, וואָס דער רבי אַליין טהיילט זיי צו אַזאַ גרוי־סען כבוד. אַט אַזוי האָט זיך געפיהרט יעדען פרייטאָג צו נאַכטס.

איבעראַל און אומעטום האָט מיין טאַטע מיך מיטגענומען, כדי מיך צו באַקענען מיט דער וועלט. מאַכט זיך איינמאָהל אַ געשיכטע: אין אַ שבת בייטאָג האָט זיך גענומען ארויס שפּאַרען אַ געדיכטער רויך פון די פענסטער פון ר׳ זלמן׳ס קלויז. קיין געדונגענע „פאַזשאַרניקעס׳׳ עס הייסט, פייערלעשער איז אין יענער צייט ביי אונז ניט געווען. דערפאַר אבער ביים אויסברעכען פון אַ פייער ערגעץ, האָבען זיך אידען פאַרזאַמעלט אין דעם הויף פון דער אופראַווע, אַ אידישער סיטי־האַל, וואו דאַרטען איז אַלע מאָהל געשטאַנען פעסלעך מיט וואַסער אנגעשעפּט, דורך די וואַ־סער - פיהרער געבראַכט פון טייך. קיין פערד דערצו האָט מען ניט געהאַלטען. געווען צו טייער דאָס אויסהאַלטען, האָבען זיך אידען איינגעשפּאַנט אין די האַלאַבלעס און געשלעפּט די פעסער וואַסער אויסלעשען אַ פייער. — אויב נאָך בארג אראָפּ איז געווען צו דערליידען, האָט געטראָפען צו שלעפען די פעסער וואַסער בארג אַרויף, פלעגען אידען זיך איינרייסען די קישקעס אין בויך שלע־פענדיג. שוין ניט האָבענדיג גענוג כוח דערצו. אום צו מאַכען גרינגער דאָס שלעפּען פון בארג אַרויף, פלעגען אידען פאַלען אויף אַן „המצאה׳׳ און אַרויסשלעפען דעם „צאַפען׳׳ און אַפּגיסען די וואַסער כדי ס׳זאָל ווערען גרינגער. האָט זיך טאַקע גאַנץ אָפט געמאַכט, וואָס אידען פלעגען קומען מיט ליידיגע פעסער אויס־לעשען דאָס פייער ! . . . און אַזוי האָט פּאַסירט מיט׳ן אויס־ברוך פון פייער אין אַ שבת בייטאָג אין ר׳ זלמן׳ס קלויז. קומענ־דיג צום שוהל מיט די פעסער, האָט שוין ר׳ לייבעלע שמש אַליין אַ פאַרטשאַדעטער געהאַלטען אין אויסלעשען די שאַפע מיט ספרים, מיט איבערגעבליבענע פון פריהער האַלבע עמער וואַסער און מיט שפּייעכץ געלאַשען די צעברענטע שמות . . .

ווען מען האָט אויסגעלאַשען דאָס פייער פון שוהל, האָט מען דעם אַלטען לייבעלען דעם שמש, געפונען ליגענדיג צווישען די חורבות פון צעברענטע ספרים און סתם שמות, אַ פאַר׳חלש׳טען אין כמעט אַ גויסענ׳דיגען, וואו מען האָט איהם קוים געקענט ברייגגען צום לעבען.

ווען די שוהל גאַס איז געוואָרען איבער געפּאַקט מיט אידען, שטעהענדיג נאָהענט צום מאַרק פּלאַץ, האָט זיך דערטראָגען א יאָמערליכער ווילדער געשריי פון צביה'ן די דינסטמויד, באַקלאַגענדיג לייבעלען שמש. דערביי האָט זיך ענטפּלעקט דער גרויסער געהיימער סוד, אַז צביה איז געוואָרען „טראַגענדיג״ פון לייבעלע שמש, וואו די שטאָדט האָט נאָכדעם א לאַנגע צייט געקלונגען מיט דער שטוינענדער מעשה, וואָס דער „נזיר״ לייבעלע שמש האָט פאַראורזאַכט מיט זיין בנ'אמת'ער שטילקייט, ווי צום צווייטען טאָג נאָך דער פּאַסירונג איז לייבעלע שמש נעלם געוואָרען און קיינער האָט ניט געוואוסט ווי זיין געביין געפינט זיך.

ווען די שטאָדט האָט מיט חדשים שפּעטער געפראַוועט דעם „פדיון הבן״ ביי צביה דער דינסט מויד, האָט זיך צווישען די געסט אויך געפונען א צוגעקומענער גאַסט פון א דערבייאיגער שטאָדט און דאָס איז געווען לייבעלע שמש'ס ווייב, וואָס איז געקומען זוכען איהר פאַרשוואונדענעם מאַן.

די געשיכטע האָט געקלונגען פאַר יאָהרען לאַנג. קינד און קייט האָבען געהאַלטען אין איין רעדען דערפון.

# באַשערט

די געשיכטע האָט מיר דערצעהלט מיינער אַ באַקאַנטער, און אַט וואָס ער דערצעהלט :—

— קיין אידישע גאַזעטען האָבען נאָך דאָן ביי אונז ניט עקזיסטירט, האָבען מיר זיך צופרידען געשטעלט מיט'ן אַנקומען יעדען טאָג פונ'ם גוי'אישען גאַזעט „די רוסקאַיאַ נאַוואָסטי'', וואָס דורך די נייעס זיינען מיר תמיד געוואויר געוואָרען וואָס ס'טהוט זיך איבער דער וועלט. כ'לייען איבער אַ קליינע אַנאָנסמענט ווי עס שרייבט זיך, אַ יונגע מיידעל קוים צוואָנציג יאָהר אַלט, האָט דורך אַ טעות אויסגעטרונקען אַ פּאָרציע סם און איז דורך דער שנעלער הילף פון דאָקטוירים אָפּגעראַטעוועט געוואָרען.

איך האָב די קליינע שטיקעל נייעס עטליכע מאָהל דורכגעקוקט, און שטאַרק באַדויערט דער יונגער מיידעל, וואָס דורך איהר טעות האָט זי שיעור פון דער וועלט געקענט געהן, און צופרידען געווען וואָס מ'האָט זי צוריק צום לעבען געבראַכט, און נאָך מעהר באַפרידיגט מיין געוויסען, וואָס אין גאַזעט איז איהר נאָמען ניט אַרויסגעגעבען געוואָרען, דענקענדיג פיליי‌כט קען דאָס אַמאָהל שאַפען שוועריגקייט צו אַ שידוך! איך האָב דאָס שטיקעל גאַזעטפּאַפּיר אויסגעשניטען און עס באַהאַלטען, אָבער דער נאָמען פון שטעדטעל איז מיר שוין פון קאָפּ ניט אַרויס. און אַפּטמאָהל אויף מיין רייזע איבער ירידים, וואָס דערמיט האָב איך זיך באַשעפטיגט מיט אַרומפאָהרען פאַרקויפען פאַרשידענע אַרטיקלען, אויך געהאַט אין געדאַנק זיך אַמאָהל אַראָפּכאַפּען אין יענעם ישוב, זיך אָנצוטרעפען מיט יענער מיידעל, וואָס דורך אַ טעות איז זי שיעור פון דער וועלט געגאַנגען.

עס האָט זיך אָבער ניט געמאַכט די געלעגענהייט, און ווען איך האָב מיך געדאַרפט שטעלען צום פּריזיוו, בין איך אַוועק געפאָהרען קיין אַמעריקע און זיך פאַר אַ קורצער צייט פיין אַרויפגעאַרבייט. מיר האָט דאָ קיין געזעלשאַפט ניט אויסגעפעהלט, ווייל האָבענדיג אָפּגעשפּאָרט עטליכע טויזענד דאָלערס האָבען זיך

גענומען צו מיר שדכן'ען פאַרשידענערליי מיידלעך, און איינע פון זיי, טאַקע כמעט ווי אַ לאַנדסמיידעל האָט מיך פאַראינטערעסירט, און מיר האָבען גענומען ביידע דערווייל אויסגעהן . . . און עס האָט שוין געהאַלטען ביי חתונה האָבען.

מאַכט זיך איינמאָהל, אַז אַ לאַנדסמאַנשאַפט פאַראיין האָט געמאַכט איהר יעהרליכען באַל אין ניו־יאָרק, און מיר האָט זיך שטאַרק געוואָלט צוזאַמענטרעפען מיט באַקאַנטע פון אַרום אונזער געגענט, און איך בין אַראָפּגעפאָהרען קיין ניו־יאָרק, ווייל איך האָב דאַן געוואוינט אַרום ניו־יאָרק, און קומענדיג אויפ'ן גרויסען פאַרזאַמלונג און באַל, האָב איך זיך דאָרט געטראָפען מיט אַ סך „לאַנדסלייט" און נייע באַקאַנטע. צווישען די נייע קענטשאַפט האָט מען מיך אויך באַקאַנט מיט זעהר אַ חנ'עוודיג מיידעל, און מיר האָבען שוין צוזאַמען פאַרבראַכט דעם אָווענט. ביים אַהיים געהן, האָב איך געפיהלט, ווי די מיידעל אַפּצופיהרען אַ היים . . . איך בין דאַן געווען אַליין אָהן מיין כלה, און איך בין שוין פאַרבליבען דערווייל פאַר עטליכע טעג זיך זעהן מיט פריינט, און די גאַנצע צייט געהאַלטען נאָהענטע פאַרבינדונג דורכ'ן טעלעפאָן מיט דער מיידעל און עטליכע מאָהל מיט איהר אַרויסגעגאַנגען.

ביים געזעגענען זיך, האָב איך זיך מיט איהר צעקושט ווי צוויי אַלטע פריינט און צוגעזאָגט מיט איהר זיך דורכשרייבען. אַהיים קומענדיג האָב איך שוין דערפיהלט אַ בענקשאַפט נאָך יענער מיידעל, — און דערווייל די וואָכען פון צוגרייטונג צו דער חתונה ווערט אַלץ נעהענטער, און צו מיין כלה פיהל איך פון טאָג צו טאָג אַלץ קעלטער און דערווייטערט. און זי האָט דאָס מיר באַמערקט טאַקע. זעהענדיג, אַז ס'איז ניט קיין „קינדערשפיל", ווייל די צייט פון חופה דערנעהענטערט זיך, האָב איך ענדליך מיין כלה געלאָזט וויסען, אַז צווישען אונז קען די פאַרבינדונג ניט זיין און אָפּגעבראָכען דעם שידוך איך בין נאָכהער צוריק אין ניו־יאָרק געפאָהרען און זיך ערקלערט מיין נייער פריינדין אין ליבע. מיר האָבען נאָך אַ שטיק צייט פאַרבראַכט אַזוי ווי אמת'ע חתן־כלה און מיט דער צייט געשטעלט אַ חופה.

אונזער לעבען איז געווען זעהר אַנגענעהם אַלס מאַן און ווייב,

און די צייט איז זיך געלאָפען און מיט געבראַכט אויך צום גע־
בורט פון אַ שעהנער טאָכטער, און אויך איז אַ פּאָר יאָהר שפּע־
טער, אַ זוהן געבוירען. דאָס זיסקייט פון אונזער לעבען האָט
קיין גרענעץ ניט געהאַט, און צוזאַמען אויפגעצויגען אונזערע צוויי
ברילליאַנטענע קינדער. אויף קיין לעבענס־מיטלען האָט ניט אויס־
געפעלט, און מיר האָבען זיך געלעבט זעהר גליקליך און צופרידען.

ווען ס׳איז געקומען צו אונזער זוהן׳ס בר־מצוה, האָבען מיר
פאַררופען אונזערע פריינט און אויך אַ סך באַקאַנטע פון אַרום
אונזער געגענט פון דער אַלטער היים, און דער אָווענט איז געווען
אין גרעסטען פראַכט און גלאַנץ. ווען דער זוהן אונזערער, דער
בר־מצוה בחור האָט אָפּגעהאַלטען זיין „דרשה״, האָט מען אויפ־
געפאָדערט מיך און מיין פרוי צו זאָגען עפּעס. אין מיין פרוי׳ס
רייד האָט זי אַרויסגעבראַכט, ווי גליקליך זי פיהלט דעם היינטיגען
טאָג פון איהר זוהנ׳ס בר־מצוה, דערמיט וואָס זי איז לעבען גע־
בליבען פון אַ שרעקליכער טראַגעדיע וואָס האָט אין איהר לעבען
פּאַסירט. ווען זי איז נאָך קיין צוואַנציג יאָהר ניט אַלט געווען,
האָט זי דורך אַ טעות אויסגעטרונקען גיפט און שיעור ניט פון
דער וועלט אַוועק.

אָבער יאָהרען זיינען שטאַרקער פון אַלץ! איז זי אָפּגעראַ־
טעוועט געוואָרען פון אַ זיכערען טויט, דורך דער הילף פון דאָק־
טוירים, און האָט נאָך מיט גרויס פרייד דערביי דערמאָנט דעם
נאָמען פון גאַזעט און דאָס יאָהר, און אויך אַפילו דעם טאָג און
דעם נאָמען פון איהר שטעדטעל וואו די פּאַסירונג איז פאַרגע־
קומען. אַלע אַנוועזענדע פריינט און געסט האָבען די נייעס
אויפגענומען מיט גרויס איבעראַשונג.

אָבער ווי נאָך מעהר פאַרכאַפּט זיי זיינען געוואָרען ווען איך
האָב אַרויס גענומען פון מיין קעשענע אַ צוזאַמענגעוויקעלט שטי־
קעל פּאַפּיר און עס פאַנאַנדער געעפענט און דורכגעלייענט די
נייעס, וואָס דער גאַזעט, די „רוסקאַיאַ נאָוואָסט״ האָט דאַמאַלסט
געהאַט געשריבען, און דאָס שטיקעל גאַזעט איז ביי מיר פאַר־
בליבען זינט יענער צייט, ווען איך האָב דאָס געלייענט נאָך זייענ־
דיג אין דער היים ! . . .

דער רב וואס איז געזעסען מיט אונז צוזאמען, האט אין זיין דרשה ארויסגעבראכט אז ס׳איז דער היינטיגער בר־מצוה יום־טוב פאר אונז אלעמען אן היסטארישע איבערלעבונג. און דאס אלץ איז אן השגחות הבורא פון צוזאמענטרעף, די פארבינדונג פון „זיוויגים" . . . און זינט יענער צייט בין איך געווארען נאך מעהר גלויביגער אין זיוויגים און אין באשערטקייט ! . . .

# אַ באַגעגעניש

## לעבענסבילד

די געשיכטע וואָס איך גיב דאָ דערציילן האָט מיר איבער־געגעבען מיינער אַ גוטער פריינט, וואָס מיר וועלען איהם רופען אַהרן, און אַט וואָס ער אַליין דערצעהלט, וואָס מיט איהם האָט זיך געטראָפען.

קומען קום איך אַליין פון אַ קליין שטעדטעל לעבען אָדעס. ווען מיין פאָטער איז געשטאָרבען בין איך קוים פיר יאָהר אַלט געווען. געבליבען בין איך מיט נאָך אַ שוועסטעריל וואָס האָט געהייסען דבורה׳לע, ווי צוזאַמען מיט אונזער מוטער זיינען מיר פאַרבליבען וואוינען אין אונזער זיידענ׳ס הויז, וואָס איז פאַר־בליבען נאָך בירושה פון עלטער־זיידען ר׳ אַהרן — טאַקע דאָס בין איך אַ נאָמען נאָך מיין עלטער־זיידען אַהרן׳ען. אונזער חיונה האָט מיין מוטער געצויגען פון איהר קלייטעל, וואָס זי האָט גע־האַט אין זיידענ׳ס הויז. ניט אַזוי גרינג איז אונז דאָס לעבען אָנגעקומען. די מאַמע מיינע, האָט זיך גענוג געמוטשעט איידער זי האָט דערלעבט דורכצוקומען אַ וואָך, און אַט אַזוי האָבען מיר זיך אין דרייען געפּלאָגט און געמוטשעט אַ פּאָר יאָהר.

צו מיין אַלט ווערען זעקס יאָהר איז מיין מוטער פון גרויס שוועריגקייט וועגען לעבען פאַרשלאָפט געוואָרען, אָפּגעלעגען עטליכע וואָכען אין בעט און איז געשטאָרבען. מיין שוועסטער איז פאַרבליבען אין זעלבען שטעדטעל וואו מיין מוהמע הענני האָט געוואוינט, טאַקע דער מאַמעס אַ שוועסטער, און זי האָט אויף מיין שוועסטער דבורה׳לען אַכטונג געגעבען פּונקט ווי אויף איהר אייגען קינד.

און מיך האָט מען אָוועקגעשיקט צו מיין טאַטענ׳ס אַ ברודער וואָס האָט דאַן געוואוינט אין ניקאָלייעוו, און דאָרטען ביים פעט־טער אין הויז, הייסט עס בין איך פאַרבליבען און זיך אויפגעהאָ־דעוועט. צו מיין בר־מצוה זיינען אָראָפּגעקומען די מוהמע הענני

מיט מיין שוועסטעריל דבורה'לע הייסט עס, — דאס איז געוועזן זיבט יענער צוטהיילונג, פונ'ם טאג פון מיין מוטער'ס טויט אָן. צום ערשטען מאהל געטראָפען זיך מיט איהר. אונזער ביידענס פרייד האָט גאר קיין גרעניץ ניט געהאַט. עפּעס אויסצורעדען זיבען יאהר דורך אַנאַנד זיך ניט געזעהן מיט מיין איינציגער שוועסטער. זי איז שוין דאַן געווען אַ היבשע באַרישנע, אַ מיידעל פון אַ יאהר זיבעצעהן, שעהן און קלוג און דערצו געלערענט. מיט מיר צוזאַמען איז זי שוין פאַרבליבען טאַקע ביי מיין פעטער אין הויז, וואו מיר האָבען זיךביידע גאַר זאַט ניט געקענט אָנרעדען.

מיין פעטער, ווי איך האָב זיך דאַן אויפגעהאַלטען, האָט געהאַט אַ בן־יחיד — שלמה האָט מען איהם גערופען. געווען אַ בחור מיט אַלע מעלות. ווען ער האָט דערזעהן מיין שוועסטער דבורה'ן איז ער געוואָרען צוגעזאָטען צו איהר, און זיי האָבען צוזאַמען אָנגעהויבען ביידע פאַרפאַלען ווערען ביז שפּעט אין די אַווענטען אַריין. מיין פעטער איז ניט געווען דאַגעגען. פאַרקערט, עס האָט נאָך אַרויסגערופען אַ צופרידענהייט ביי איהם אַ שידוך צו טהון מיט זיין ברודערס אַ קינד, וואָס איז פאַרבליבען אַן עלענדע יתומה און אַלעס מיר דאַרט האָט אויסגעזעהן גוט און וואויל. פאַר מיר אַליין האָט עס אַרויסגערופען גרויס פרייד צו זיין אַזוי פיעל טעג און וואָכען צוזאַמען מיט מיין שוועסטעריל, וואָס איך האָב זי זעהר שטאַרק ליעב געהאַט. די מוהמע אבער איז געווען אַ שטערונג צום שידוך. זי האָט געוואָלט, אַז איהר בן־יחיד, איהר שלמה'לע זאָל דערגרייכען אַ רייכען שידוך, און אויך אַז די משפחה זאָל ווערען גרעסער.

איינמאָהל זיך דורכרעדענדיג מיט מיין שוועסטער, האָט זי פאַר מיר ביטער געוויינט דערויף וואָס די מוהמע שטערט צום שידוך, און געזאָגט האָט זי מיר, אַז אָהן איהר געליבטען שלמה'לען קען זי אַ טאָג ניט לעבען. איך אַליין, זייענדיג אַ יונגער אינגעל ערשט נאָך מיין בר־מצוה, וואָס האָב איך איהר דען געקענט העל־פען, נישט מעהר ווי זיפצען איהר געזאַלפען. די מומהע העני דאַרט ווי מיין שוועסטער האָט זיך אויפגעצויגען, האָט זי פאַר־וואַרפען מיט בריעף, זי זאָל צוריק קומען. אבער איהר האַרץ האָט

זי שוין אוועק געגעבען צו שלמה'ן . . .

מיר פלעגען איהרע טרערען ניט לאזען שלאפען דורך די נעכט, און נאר געטראכט א וועג, ווי אזוי ארויסצוהעלפען מיין שוועסטער אין איהר פארצווייפעלטער לאגע. און געבליבען איז ביי אונז אין דרייען, אז דער איינציגער אויסוועג צו ווערען פאר־איינigט אין זייער הייסער ליבע, איינער צום צווייטען איז נאר אוועק אומגערעכטערהייד און קיינער דערפון טאר ניט וויסען, חוץ מיר. דאס איז געווען באלד נאך שבועות, ווען מיין פעטער האט זיך געקליבען אוועקצופאהרען ערגעץ אויף א יריד, איז אין שטוב געווארען א סומאטאכע, א טומעל, אז שלמה מיט דבורה'ן זיינען נעלם געווארען און מען ווייסט ניט ווי זייער ביידענס געביין איז ענטרינען געווארען. ווען דער פעטער האט מיך גע־נומען אויפ'ן פארהער, האב איך געלייקענט שטיין און ביין, אז איך הויב ניט אן צו וויסען ווי זיי זיינען פארשווינדען געווארען.

די מוהמע העני מיינע פון קאלינאווקע, איז אזש אליין אראפ געקומען צו זעהן מיט איהרע אייגענע אויגען, וואס דא איז פלו־צים געשעהן. ווי צו איהר גרויס באוואונדערונג איז זי אויסער זיך געווארען, און געהאט גענוג פארדרוס און הארץ עסעניש דער־פון. אבער פארפאלען, נישטא און שויןז! מען האט גענישטערט, געזוכט, אפשר עמיצער האט געזעהן אדער געוואוסט, און קיינער האט זיך ניט אפגערופען. צו מיין מוהמע'ס זארג איז גאר ניט צום באשרייבען. מיט גרויס וועהטאג און הארץ קלעמעניש האט זי זיך געמוזט צוריק אהיים קערען, און איך בין פארבליבען זינט דאמאלסט אן דאס אויבערשטע פון שטעסעל, ווי מען רופט עס !...

דער פעטער מיט מיין מוהמע האבען מיך געהיט ווי אן אויג אין קאפ, מיך געשיקט צו די בעסטע מלמדים פון שטאדט, ווי אויך אין גימנאזיע מיך לערנען געשיקט. מען קען זאגען אפילו אזוי האט מיר אויך גארניט ביים פעטער געפעהלט. אבער זינט מיין שוועסטערס פארשוואונדען ווערען מיט זייער בן־יחיד מיט שלמה'ן האט זיך פאר מיר גאר אן אנדער וועלט געעפענט. עס איז אמת אז איך אליין האב שוין שטארק געבענקט נאך מיין שוועסטער, אבער איך האב מיך געשטעלט צופרידען דערמיט, וואס זי האט

איהר ליבע דורכגעפיהרט און דערמיט אליין איז שוין מיין בענק־שאפט געשטילט געווארען. נישט געהערט און ניט געוואוסט פון זיי האט מען זינט יענעם טאג וואס זיי זיינען פון היים אוועק.

איך בין דערווייל עלטער מיט עטליכע יאהר געווארען, און זיך צום פריזיור געשטעלט, וואו מען האט מיך פאר א סאלדאט אפגעגעבען. בלויז איין יאהר געדינט און געקומען „נא אטפוסק" אויף א חודש, וואו איך האב מיך באקענט מיט א מיידעל, א חתן געווארען פאר איהר און צוזאמען מיט׳ן פעטער און מיין מוהמען אפגעפאהרען קיין אמעריקע, און חתונה געהאט און זיך באזעצט אין שיקאגא.

די ערשטע צייט גענוג צרות געליטען איידער איך האב מיך דערשלאגען צו עפעס, און אנגעפאנגען צו פארדינען א סך געלט. דעם פעטער מיט מיין מוהמען האב איך ביי זיך געהאלטען און ס׳האט זיי ברוך השם קיין זאך ניט געפעהלט, אויסער די שטענ־דיגע בענקשאפט נאך זייער זוהן. עס איז פארביי עטליכע יאהר דערין וואס איך האב שוין געהאט אפגעשפארט היבשע עטליכע טויזענט דאלער, און געהאלטען ביים קויפען פאר זיך א הויז, אריינ־געגעבען אן אנאנסמענט אין צייטונג און באקומען אן ענטפער מיט אן אנגעגעבענעם אדרעס וואו זיך צו ווענדען.

קומענדיג צום אנגעגעבענעם פלאץ, קומט מיר אן עלטערע פרוי אנטקעגען, ווי איך האב זי באלד ביים ערשטען בליק דער־קענט, אז דאס איז מיין מוהמע העני פון קאלינאוויקע. צו אונזער באגעגעניש איז קיין גלייכען ניט געווען. איך בין שוין אזוי גיך פון דארטען ניט אוועק, ווי מיין מוהמע האט מיר דערצעהלט ווע־גען מיין שוועסטער דבורה׳ן און איהר מאן שלמה, וואס מיט זיי האט פאסירט באלד נאך זייער אנטלויפען. ווען זיי זיינעןביידע געקומען צום גרעניץ, האט מען זיי געכאפט, ווי אויף מארגען שוין געזאלט צוריק שיקען אויף איטאפא! ווי דורך א נס איז זיי גע־לונגען זיך ארויסכאפען פון פאליציי און איינציגווייז אריבער דעם גרעניץ, וואו זיי האבען זיך פארלוירען און ניט געקענט זיך געפינען.

שלמה איז אפגעפאהרען קיין אמעריקע מיט דער הילף צו קענען קומען צו עפעס און אויסגעפינען א וועג ווי אזוי צו ברענ־

גען מיין שוועסטער צו זיך. ניט אַזוי גרינג איז שלמה׳ן אָנגע־קומען זי צו געפינען, ווייל עס האָט גענומען גענוג צייט איידער זיי האָבען זיך געטראָפען. און דאָס האָט פּאַסירט. אָט וואָס דער־צעהלט מיר דערוויילע די מוהמע העני:

ווען שלמה איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע האָט ער גענומען אַרומזוכען אַרבייט, סיי ביי וואָס ס׳ניט איז. ווען ער האָט זיך שוין אויסגעלערענט די ענגלישע שפּראַך, האָט ער באַקומען אַ פּלאַץ אַלס אַ טראַוולער, וואו גראַד צום ערשטען יאָהר, האָט איהם זיין בעל־הבית געשיקט איינקויפען סחורה אַרום יענע מקומות וואו ער איז אַריבער דעם גרעניץ. קומענדיג שוין אַלס אַמעריקאַנער סוחר איז ער פאַרפאַהרען אין אַ האָטעל, וואו צו זיין גרויס אי־בעראַשונג דאָרט, זיך געטראָפען מיט זיין געליבטער דבורה׳לען. צו זייער פרייד איז גאָר קיין גליקליכער מאָמענט ניט געווען. ביי זייער צוזאַמענטרעפען זיך, ווי שוין צוריק פאַהרענדיג, האָט ער מיטגעבראַכט זיין דבורה׳לען און מיט איהר חופה געהאַט, און אַריבער געבראַכט מיך אַהערצו — דערצעהלט מיר מיין מוהמע העני, ווי זיי דאַרפען די טעג קומען פון זייער רייזע. ווען זיי וועלען דיך דאָ טרעפען — זאָגט צו מיר מיין מוהמע העני — וועלען זיי זיך פיהלען גליקליך.

איך האָב שוין צום צווייטען מאָהל מיטגעבראַכט מיין ווייב־בעל, זי פאַרגעשטעלט פאַר מיין מוהמע און געוואַרט מיט אומ־געדולד, אַז מיין שוועסטער זאָל קומען, און זיך טרעפען מיט איהר. אָבער צו יעדער פרייד מוז עפּעס קומען אַ שטערונג — באַקומט מיין מוהמע אַ טעלעגראַמע, צו קומען אין יענער שטאָדט, וואו מיין שוועסטער איז געפאַהרען, און לאָזט וויסען אין טעלעגראַמע אַז מיט איהר מאַן האָט געטראָפען אַ צופאַל. זי מוז גלייך קומען. איך בין שוין מיט דער מוהמע העני מיטגעפאַהרען. ווען מיר זיי־נען געקומען איז שוין מיין שוועסטערס מאַן געווען טויט. מיין שוועסטער האָט שטאַרק גע׳חלש׳ט, ווען זי האָט דערזעהן די מוהמע העני, מיט מיר! מיר האָבען ביידע ביטער געוויינט ווע־גען אונזער צעשיידונג און צוזאַמענטרעפען זיך אין אַזאַ אומגליק־ליכער צייט. איך האָב איהר געהאָלפען אינ׳ם באַערדיגען איהר

מאַז, און צוזאַמען אַהיים געפאהרען, וואו מיר זיינען שוין פאַר־
בליבען אינאיינעם וואוינען אין איין שטאָדט.

מיין שוועסטער האָט שפּעטער מיט אַ פּאָר יאהר חתונה געהאַט טאַקע פאַר מיינעם אַ פריינט, און לעבט זיך גוט מיט איהם, אבער ניט צופרידען, ווייל איהר הארץ ציהט נאָך אַלץ צו איהר אַמאָהליגען און יעצטיגען פאַרשטאָרבענעם מאַן, און איך אליין לעב זעהר גליקליך מיט מיין פרוי, ווי מיר האבען שוין פאַרהייראַטע קינדער און דאַרפען חלילה צו זיי ניט אנקומען. הלוואַי אויף אַלע אידען געזאָגט.

אַט מיט די ווערטער, האָט מיין פריינט אַהרן זיין געשיכטע פאַרענדיגט.

# אַ וועלט רייזענדער

(בילד)

ווען איך בין אַריין געקומען אין רעדאַקציע, האָט שוין אַ איד געוואַרט פאַר מיר. — זענט איהר דאָס דער שרייבער וואָס נעמט אויף די אַלע באַשרייבונגען, וואָס מענשען לעבען דורך — האָט ער מיר געשטעלט די פראַגע ביי מיין ערשטען שלום עליכם איהם געבען. כ׳האָב איהם צוגערוקט אַ שטוהל נעהענטער צו מיין שרייב טיש און איהם געהייסען זיך זעצען. — איהר קוקט ניט אויס קיין היגער, איז מיין פראַגע צו איהם געשטעלט געווארען, ווייל אַ סך היגע מענשען דערקענט זיך באַלד. מיר האָבען ביידע פאַררויכערט סיגאַרעטלעך און געבעטען מיין נייעם גאַסט מיר זאָגען זיין פאַרלאַנג.

ס׳וועט פאַר אייך אפשר זיין מאָדנע, ווען איך וועל אייך ערקלערען וועגען מיין מיסיע היינט ביי אייך אין שטאָדט. אַבער איך וועל אייך צוערשט איבערגעבען מיינע עראינערונגען וועגען מיין לעבען און איהר וועט דאָס זיין אַזוי גוט און פאַרצייכענען און נאָכהער באַשרייבען, ווען מענשען וועלען דאָס לייענען, פי־לייכט וועט זיך דורך דעם מיין גרויסער שאָדען אָפּזוכען.

און ער פאַנגט אָן צו דערצעהלען:

מיינע עלטערען האָבען געוואוינט אין ראַדזיוויל, לעבען דער גרעניץ אַרום עסטרייך און געהאַלטען אַ קראָם פון לעדער־וואַרג, און געמאַכט זעהר אַ שעהן לעבען. איך בין נאָך דאַן אַ קליינער אינגעל געווען, האָב איך ניט פאַרשטאַנען דאָס שוועריגקייט פון לעבען. ס׳האָט אונז, הייסט עס, חלילה קיין שום זאַך ניט גע־פעהלט, אַבער מיין פאָטער האָב איך גאַנץ אָפט געזעהן אַרומגעהן פאַרזאָרגט. אין די מסחרים האָט זיך מיינסטען אָפּגעגעבען מיין מוטער, ווייל מיין פאָטער האָט ליב געהאַט אַריינצוקוקען אָפט אין אַ ספר. ווען ס׳האָט אויסגעבראָכען די מלחמה צווישען רוס־

לאַנד און יאַפּאַן, האָבען מענשען זיך אַ לאָז געטהון פאַהרען קיין אַמעריקע, אַדער סיי ווי קיין אויסלאַנד.

איך בין שוין פאַר דער צייט גאַנץ היבשלאַך אונטער גע־וואַקסען און שוין אַנגעהויבען מיין טאַטען אונטערצוהעלפען אין געשעפט. איך בין שוין דאַן אַלט געווען אַרום צוואַנציג יאָהר און זיך באַלד געדאַרפט שטעלען צום פּריזיוו, כאָטיאַ איך בין געווען אַ בן־יחיד, אָבער אין מלחמה צייט שאַנעוועט מען ניט אַפילו קיין אייך־און־איינציגע. נישט ווייט פון גרענעץ האָבען מיר דאַמאָלסט געוואוינט, האָבען מיר זיך ניט געהאַט פאַר וואָס צו שרעקען, איז געבליבען איך זאָל דערווייל אַריבערגעהן קיין עסטרייך, און דאָרט איבערוואַרטען ביז די מלחמה וועט זיך איינשטילען, און טאַקע אַזוי איז ביי אונז באַשלאָסען געוואָרען, איז אָבער געווען אַן אַנדער אורזאַכע וואָס מיך האָט אַ סך אָפּגע־האַלטען, ווייל ניט ווייט פון אונזער שטאָדט, האָב איך דאָרט גע־פיהרט אַ ליבע מיט אַ מיידעל, שרה׳לע האָט זי געהייסען, שעהן ווי די ליכטיגע זון, ממש אין איהר צורה ניט צו קוקען . . . זעהר שווער איז געווען דאָס צושיידען זיך צווישען אונז, אָבער אין אַ צייט פון מלחמה איז אַלץ גובר. און איך בין אַריבער דעם גרעניץ און אַ שטיקעל צייט פאַרבליבען אין בראָד און געוויינט־ליך זיך אָפט דורכגעשריבען מיט מיינע עלטערען און מיט שרה׳לען.

אין דעם פּלאַץ וואו איך בין איינגעשטאַנען אין בראָד, איז געווען זעהר אַ בכבוד׳יגע פאַמיליע, וואָס איז באַשטאַנען פון טאַטע מאַמע, צוויי זיהן און דריי טעכטער. די אינגסטע פון זיי מלכה׳לע האָט מען זי גערופען. זי האָט מיר שטענדיג נאָכגעקוקט און מיר צוגעטראַגען דאָס טעלעריל פון הימעל, ווי מ׳זאָגט. גאַנץ אָפט זיינען מיר צוזאַמען אַרויסגעגאַנגען און ביז שפּעט זיך פאַרבראַכט. איך בין דאַמאָלסט געווען אַ יונג מיט ביינער, ניט ווי איך זעה אויס אַצינד. צום לעבען פאַר זיך, בין איך קיינמאָהל קיין פאַר־שלאָפענער ניט געווען און געזעהן צו פאַרדינען. גאַנץ אָפט האָב איך זיך דורכגעשריבען מיט מיין שרה׳לען, אָבער איך אַליין האָב גענומען פיהלען פון מאָהל צו מאָהל קעלטער. די אורזאַכע פאַר־שטעהט זיך איז געווען מיין נייע באַקאַנטשאַפט.

צוריק צו פאָהרען אַ היים, כאָטש ניט ווייט געווען, בלויז איבער דער גרעניץ, אָבער דאָס אַליין איז שוין געווען גענוג צו דאַרפען געהן אין סלוזשבע. די מלחמה האָט זיך פאַרצויגען וואָס לענגער, און די ליבע צווישען מיר און מיין נייע באַקאַנטע מיט מלכה׳לען האָט שטאַרק געווירקט אויף מיר . . . און בריעף פון שרה׳לען האָבען ווייניגער אויפגעהערט צו קומען. ווייזט אויס, זי האָט דערפיהלט דאָס ענדערען פון געשמאַק, און אונזער קאָ־רעספּאָנדענץ. פאַר מלכה׳לעס עלטערען איז דאָס ניט געווען אַזוי אָנגענעהם, וואָס זייער איינגסטע טאָכטער געהט אַרום אַ פאַרליב־טע, פריהער ווי איהרע צוויי עלטערע שוועסטער. אָבער זי איז געוואָרען צו מיר פון טאָג צו טאָג אַלץ מעהר און מעהר צוגע־וואַקסען, אַזוי אַז איך האָב געפיהלט ווי מיר זיינען באַפריינדעט שוין אַ לעבען לאַנג, און ס׳האָט געבראַכט דערצו, אַז איינמאָהל אין אַ געוויסען אָווענט זיינען מיר זיך שפּעט פאַרזעסען ביידע, און ס׳האָט זיך אין אונז צעפלאַקערט דאָס יונגשאַפט פון זודיג בלוט, און עס איז געשעהן דאָס וואָס האָט ניט געטאָרט געשעהן...

מיר האָבען זיך נאָכדעם ביידע געשעהמט אין די אויגען צו קוקען, און מיר האָט שטאַרק מיין געוויסען געפּלאָגט, פאַרוואָס איך בין פאַלש געבליבען צו מיין שרה׳לען און זיך געבויגען אין מיין האַלטונג און געבראָכען מיין וואָרט. האָב איך מיט זיך אָפּ־געמאַכט צו פאַרלאָזען די שטאָדט און אַוועק פאָהרען. געוויס אַהיים פאָהרען האָב איך שוין ניט געקענט און ניט געטאָרט, ערשטענס, צו געהן ווערען אַ סאָלדאַט, און צווייטענס האָב איך זיך געשעהמט צו ווייזען מיין פּנים פאַר מיינע עלטערען, און פאַר מיין יוגענט פריינט, פאַר שרה׳לען. און באַשלאָסען אַוועקפאָהרען אין דער גרויסער וועלט אַריין וואו נאָר ס׳וועט זיך לאָזען, און איך בין צוגעפאָהרען צו אַן האַפען־שטאָדט, מיך פאַרשריבען אַלס „מאַט־ראָז׳׳ אויפ׳ן שיף און זיך געלאָזט פאָהרען קיין אַרגענטינע.

דער וועג איז געווען ניט אַזוי גרינג דורכצומאַכען, אַרביי־טענדיג ביים אָנפולען דעם דאַמפּפער מיט קוילען און אַנדערע שווערע שיף אַרבייט. אָבער, מיר האָבען זיך דערשלעפּט קיין בוענאָס־איירעס, און שוין געדענקט דאָרטען צו פאַרבלייבען. מיך

פון דער ארבייט בין איך געווען, בין איך אַנשלאָפען געוואָרען ווי
אַ דער׳הרג׳עטער. אָבער לאַנג האָב איך אין בונעס־איירעס ניט
געקענט פאַרבלייבען און געמוזט צוריקגעהן צו שיף אַרבייט, וואו
מיר זיינען דאַן געפאָהרען האָב איך ניט געוואוסט און צו וואָס
פאַר אַ ריכטונג מיר האָבען געדאַרפט קומען געדענק איך ניט
גענוי, נאָר אין זכרון איז מיר מיין לעצטע ים רייזע גראַדע יאָ
פאַרבליבען. — שוין אַפּשווימענדיג עטליכע טעג אויפ׳ן ים, האָט
זיך צו אונז אין אַ שפּעטען פאַרטאָג דערטראָגען אַ שטורמדיגער
ווינט און אונזער שיף גענומען וואַקלען הין און צוריק.

און די ברויזענדע ים כוואַליעס האָבען זיך פון כעס ווייזט אויס
געטראָגען נאָר צו איבערקערען אונזער שיף. דאָס פייפען און
רעווען פון אונזער שיף רופענדיג נאָך הילף האָט געקענט פאַר־
טויבען די אויערען. און ביי זיך קלערענדיג, ווער ווייסט, אפשר
שטראָפט מיך טאַקע גאָט פאַר מיינע נאַרישע זינד, און צוזאַמען
מיט מיר ווילען נאָך אומשולדיגע מענשען דאַרפען אומקומען. —
ווייזט אויס, אַז אפילו אויפ׳ן ים איז אויך פאַראַן גאָט׳ס „השגחה״
און כ׳געדענקט ניט ווער די שיף איז געווען וואָס האָט דערהערט
אונזער הילפס רוף, און ווען מיר האָבען זיך שוין געפונען אויף
די קליינע פאַנצער שיפלעך אין די שטורמדיגע וואַסערען פון ים,
וואו יעדער פון אונז האָט שוין געזעהן דעם טויט פאַר די אויגען,
און דאָס פינסטערניש פון דער נאַכט האָט מורא׳דיג געשראָקען
אונזערע צערודערטע נערוועז, זיך טולענדיג איינער אין אַנדערען.

דעם אמת זאָגענדיג איז אַפּטמאָהל דעם מענשענס כוח שטאַר־
קער פון אייזען, אונטער אַזעלכע נסיונות ווי מיר האָבען זיך דאַ־
מאָלסט געפונען און איינציגווייז אונז אויף יענער שיף אַריבער
גענומען, וואו מיר זיינען שפּעטער געבראַכט געוואָרען קיין טאַקיאָ
יאַפּאַן. וואָס פון אונזער שיף איז דאַן געוואָרען האָבען מיר ניט
געוואוסט. איין זאַך וואָס אונז האָט געפרעהט וואָס מיר זיינען
געראַטעוועט פון טויט. פון די איבעריגע מאַטראָזען וואָס פון זיי
איז געוואָרען איז ניט וויכטיג, אָבער איך בין שוין פאַרבליבען
וואוינען אין יאַפּאַן.

באַשרייבען די מנהגים און דאָס לעבען פון די יאַפּאַנעזער,

וואָלט פאַרנומען אַ סך פּלאַץ, און מסתמא וואָלט עס זיין גענוג אינטערעסאַנט פאַר מענשען צו וויסען. אָבער לאָמיר זיך צוריק אומקערען צו מיין לעבענס ביאָגראַפיע. איך בין דאָרט פאַרבליבען אַ לענגערע צייט. די מלחמה האָט שוין פון לאַנג אויפגעהערט, און באַקומענדיג די גוטע בשורה אַז די צייט פון פאַרענדיגען די מלחמה האָט אויך געמאַכט אַ סוף צו מיינע עלטערענס היים, וואו זיי זיינען אומגעקומען אויף אַ טראַגישען אופן. צוריק צו פאָהרען האָב איך שוין ניט געהאַט צו וועמען, בין איך פאַרבליבען אין טאַקיאָ צוליב געלט אורזאַכען, און אַזוי גיך ווי איך האָב מיך געפונען פינאַנציעל גוט, האָב איך אָפּגעמאַכט מיט זיך צו ארומרייזען די וועלט, און פון דאָרט זיך אַוועקגעלאָזען קיין שאַנכאַי, טשיינע. אָפּגעווען דאָרט אַ געוויסע צייט, זיך אָביסעל מעהר נעהענטער באַקאַנט מיט זייער לעבען און פירערשאַפט. אויך אַביסעל דורכשטודירט דאָס אַלטע אידישע כינעזער לעבען מיט זייערע אַלטמאָדישע געזעצען, און באַטראַכט דאָס גרויסע ארעמקייט פון די דאָרטיגע איינוואוינער. פון שאַנכאַי בין איך אַריבער געפאָהרען קיין קאַאירע עגיפּטען. דאָס לאַנד מצרים, וואו אידען האָבען אַמאָל געשקלאַפט און שווער געאַרבייט, און באַקוקט די אַמאָהליגע פאַרגאַנגענע הייליגע פּלעצער, וואָס איז זעהר אינטערעסאַנט. אין קאַאירע בין איך לאַנג ניט פאַרבליבען און פון דאָרט געמאַכט מיין רייזע קיין ענגלאַנד און זיך באַזעצט אין מאַנטשעסטער, וואו איך האָט פאַר יאָהרען לאַנג דאָרט מיין היים געמאַכט און אויך חתונה געהאַט. קיין קינדער מיט מיין פרוי האָב איך ניט געהאַט, נאָר אָפּוואוינענדיג עטליכע יאָהר צוזאַמען איז זי פאַרשלאָפט געוואָרען אויף אַ געפערליכע קראַנקהייט און מיך אויסגעבראַכט ביז צו לעצט און געשטאָרבען. פון דאָרט בין איך אַריבער געקומען קיין צפת, פּאַלעסטינע, און געוואָרען אַ פעלד אַרבייטער, אַ חלוץ הייסט עס. געהאָלפען בויען דאָס אידישע היימלאַנד.

קיין צו נאָהענטע בעקשאַפט מיט פרויען האָב איך שוין זינט יענער צייט ניט געהאַט, און מיין לעבען אַלס חלוץ געפיהרט מיט גרויס צופרידענהייט. איך האָב אָבער געהאַט די געלעגענהייט פאַר דער צייט זיך אויסצולערנען די אַרבייט אַלס אינזשעניר און

אנגעפאַנגען גוטע געלט צו פאַרדינען, אבער פון מיין אָרום פליהען און אַרומפאָהרען האָט זיך מיר שוין אויך דערעסען. איך בין ניט קיין אַלטער מאַן, אבער קיין אינגערמאַן בין איך שוין אבער אויך ניט. דורך ידיעות פון מיינע פריינט אין קאַנאַדע האָט מען מיר וויסען געלאָזט, אַז מיין אַמאָליגע געליבטע שרה'לע געפינט זיך ערגעץ אין אַ דערבייאיגער שטאָדט. און מיר האָט אנגענומען א שטאַרקער ווילען זיך מיט איהר צו באַגעגענען.

איך בין געקומען אַהער צו אייך אין קאַנאַדע. לויט ווי איך האָב מיר ערפאַרען איז זי נאָך פאַרבליבען ניט פאַרהייראַט, און מעגליך דורך אייער באַשרייבונג מיין לעבענס געשיכטע וועט זי זיך מסתמא פון ערגעץ דערוויסען און זיך אָפזוכען. אבער איך האָב מורא, זי וועט זיין שטאַרק בייז אויף מיר, נאָר ווי זאָגט מען: אַלטע ליבע ראָסטעט ניט . . . געוועזן צו נאַריש, אינגער שכל, ווערט מען אַראָפגעפיהרט פון וועג, נאָר ליבע פאַרגיט אויף אַלץ . . . שוין פשוט דערעסען צו פיהרען אַ וואַנדער לעבען !

און מיט די ווערטער, אַז זיין האָפענונג איז נאָך ניט אינגאַנ־צען פאַרלוירען, זיך צוזאַמען טרעפען מיט זיין יוגענט געליבטער, האָט ער פאַרענדיגט זיינע עראינערונגען מיר צו דערצעהלען. זיך אָפגעזעגענט מיט מיר און אַרויס פון רעדאַקציע אַ שמייכעלדיגער און אַ העכסט צופרידענער.

# דעם רבינ׳ס קוויטעל

— אנטקעגען דעם וואס איהר זאגט ,,גוטע אידען״—מאכט צו מיר א איד פאהרענדיג אין באהן צו דער ערעפענונג פונ׳ם אי־דישען קאנגרעס. דער וועג איז געווען א פרעהליכער, א געפאק־טער וואגאן פון לויטער אידישע דעלעגאטען פון פארשידענע שטעדט און שטעדטלעך, האב איך זיך מיט מיין נייעם פריינד געזעצט צוזאמען אויף איין באנק, ביידע פאררויכערט ציגארעט־לעך און זיך צורעדט וועגען גוטע אידען פון אמאהליגער צייט, און אט וואס ער דערצעהלט :

מיין פאטער ע״ה איז געווען דעם רבינ׳ס א חסיד, פאר א סך יאהרען, נאך פון קינדווייז אן, צוזאמען מיט׳ן זיידען תמיד געפאהרען צום ראכמיסטריווקער רביז. ווען איך בין אונטערגע־וואקסען, דערצעהלט מיר מיין פריינט, האט מיך מיין פאטער מיטגענומען כסדר מיט איהם אויף זיין רייזע צום רביז. מיין פאטער איז געווען שטארק פארגלויבט אין איהם. ,,זיינס א ווארט״ אזוי פלעג דער פאטער מיינער תמיד זאגען, קען גובר זיין דעם גרעסטען ,,נסיון״. דערצו נאך זיינס א קוויטעל ?

ווען איך בין צום ערשטען מאהל צום רבין געקומען מיט׳ן טאטען, האט מיר דער רבי געגעבען די האנד און מיך געבענשט, איך זאל אויסוואקסען א איד און היטען אידישקייט, און אליין מיט זיין אייגענער האנט אנגעשריבען א קוויטעל, עס צוזאמען געלעגט און מיר דערלאנגט אין האנט אריין: נא דיר, לייזעריל, אזוי רופט מען מיך, דאס קוויטעלע פון רבין און נעה דאס איין אין א זעקעלע און טראג עס אויפ׳ן האלדז. עס וועט די צונויף קומען, און אויך מיטברענגען גליק אין דיין לעבען . . . איך האב דעם רבין באדאנקט דערפאר, עס אריינגעלעגט טיעף אין מיין קעשענע. דער טאטע האט דעם רבין געלאזט א ,,פדיון״, זיך געזעגענט מיט איהם און צוריק א היים געפאהרען.—און זינט יענער צייט געווארען דעם רבינ׳ן חסיד. א סך מאהל צוזאמען

מיט׳ן טאַטען געפאָהרען צום רביז, נאָך איינמאָהל, שוין אַ דער־וואַקסענער בחור, פאַהרענדיג אַזוי צום רביז, האָבען מיר גענומען בלאָנדזשען און פאַרפאָהרען אין אַ געדיכטען וואַלד, ניט וויסענ־דיג אפילו אויף וואָס פאַר אַ וועג מיר געפינען זיך. עס איז שוין געוועזען שטאַק פינסטער און שפּעט אין דער נאַכט און איך מיט׳ן טאַטען שלעפּען זיך אַזוי מיט אונזער פערד און וועגעלע. עס האָט שוין געהאַלטען כמעט ביים אנהויבען טאָגען און ניט ווי־סענדיג וואו מיר זיינען ערגעץ, האָבען מיר פּלוצים דערזעהן אַ פייערעל, האָט פאַר אונזערע אויגען אַ בלישצע געטהון. מיר האָ־בען זיך פון אָנפאַנג ביידע דערשראָקען, אָבער בטחון האָבען מיר געהאַט גענוג, אַז גאָט וועט אונז שומר ומציל זיין פון שלעכטס.

האָבען מיר גענומען פאָהרען וואו די ליכט האָט זיך אַלע מאָהל באַוויזען. מיין פאָטער האָט אין דער שטיל גענומען זאָגען תפילות און אייניגע פסוקים פון תהילים. איך האָב דעם אמת זאָגענדיג זיך געפיהלט שטאַרק צושראָקען פון אונזער בלאָנדזשע־ניש, — ווער ווייסט, האָב איך צו זיך געטראַכט, ביינאַכט אַליין מיט׳ן טאַטען אין אַ וואַלד . . . גזלנים . . . „שדים״ רחמנה לצלן, — מאַלע וואָס ס׳מאַכט זיך אונטערוועגענס.

אָבער ווען איך האָב זיך דערמאָנט אינ׳ם רבינ׳ס קוויטעל, וואָס איך האָב געטראָגען אויפ׳ן האַלדז, האָב איך זיך אַלע מאָהל געטאַפּט צו ס׳נאָך דאָ! און דערמיט זיך געטרייסט, אַז אינ׳ם גרויסען זכות פון צדיק וועט אונז השי״ת מוזען העלפען און מיר וועלען ניט גע׳נזק׳ט ווערען פון קיינעם. מיר האָבען שוין גע־האַלטען גאַנץ נאָהענט פון דער באַלייכטענער שטובעלע אין מיטען וואַלד. צוקומענדיג צום פּלאַץ האָט אַ קאָפּ פון פענסטער אַרויס־געקוקט און אונז געהייסען אַראָפּקומען. מיר האָבען ניט געוואוסט ווער ס׳דאָ אינוויייניג. מיט שרעק זיך געלאָזען געהן אין שטיבעל. דער טאַטע האָט זיך אָנגעהאַלטען אין מיר, און געזאָגט נאָך אַלץ פסוקים אויף אויסווייניג. איך האָב געהאַלטען דעם טאַטענ׳ס האַנט און מיט דער צווייטער האַנט געטאַפּט דעם רבינ׳ס קוויטעל. און אָט אַזוי זיינען מיר אַריין אין שטיבעלע.

אַז עלטערער איך מיט אַ ראסיאַוועטער באָארד איז אונז אַנט־

קעגען געקומען, מיט אַ ברייטען שלום עליכם און גוטמוטהיגען גוט מאָרגען. מיר האָבען זיך אויסגעטהון אונזערע מלבושים. דער איד האָט אונז דערלאַנגט „בעגעל־וואַסער״. מיר האָבען זיך געוואַשען, אַרויסגענומען אונזערע תפילין און זיך געשטעלט דאווענען מיט התמדה ! די בני בית איז אויפגעשטאַנען, אונז באַגריסט און געהייסען נאָכ׳ן דאווענען געהן צום טיש. מיין פאָטער האָט דערצעהלט דעם אידען, ווער מיר זיינען, און אַז מיר פאָהרען צום גוטען אידען. נאָך מיר האָבען אַראָפּ געבלאָנדזשעט פון וועג. דער איד האָט געשמייכעלט, און אויך פאַרזיכערט מיין טאַטען, אַז גאָט האָט אַזוי געפיהרט, מסתמא מן השמים, האָט אונז באַקאַנט מיט זיין הויז־געזונט, צולעצט האָט זיך באַוויזען אַ זעהר רייצענד שעהנע מיידעל, מיט אַ פּאָר קלוגע אויגען, אונז פאָרגעשטעלט, אַז דאָס איז זיין טאָכטער, און אַז זיי וואוינען שוין דאָ פון לאַנג אין דער וואַלד שטוב. נאָך בירושה פון זיינע עלטערען, און זיין מסחר איז וואַלד אַרבייט.

איך האָב מיך שטאַרק פאַרטיפט אינ׳ם יונגען מיידעל און געפיהלט אַז מיין הארץ איז פּלוצים פאַרכאַפּט געוואָרען. מיר האָבען פאַרענדיגט דאָס עסען, און דער איד צוזאַמען מיט אונז זיך געלאָזען פאָהרען אין וועג אַריין, צום רבין.

קומענדיג צום רבין, האָט מיין פאָטער איהם דערצעהלט אונזער דורכלעבונג אין גרויסע שרעק פון נעכטיגע בלאָנדזשעניש, און איהם באַקאַנט מיט׳ן וואַלד אידען, האָט דער רבי אַרויפגעלעגט זיין האַנט אויף מיין אַקסעל און מיר געזאָגט: לייזערעל, גאָט האָט אַזוי געוואָלט כדי צו טרעפען זיך מיט דיין זיווג. . . . מיין פאָטער און דער איד פון וואַלד זיינען ערשטוינט געוואָרען פון צדיק׳ס רעד, ווי צו איהם קומט דאָס אַלעס צו וויסען, נישט אַנדערש די השגחת הבורא האָט אַזוי געפיהרט, און דער רבי האָט זיך אויפגעשטעלט און געהייסען מיין פאָטער מיט׳ן אידען זיך געבען די הענט אַלס מחותנים. און צו מיר האָט ער געוואונשען „מזל - טוב״ און געזאָגט אַז דאָס האָט געפיהרט דערצו „דאָס קוויטעל״ וואָס איך האָב געטראָגען אויפ׳ן האַלדז, אונז מציל צו זיין פון שלעכטיגקייט און פיהרען צום אמת׳ן זיווג וואָס איז אַנ־

געצייכענט געוואָרען פון בורא עולם ! . . .

מיר האָבען זיך מיט׳ן רבין דערנאָך געזעגענט. דער טאַטע האָט געלאָזט אַ „פּדיון״ דעם רבין און אַהיים געפאָהרען. מיט דער צייט בין איך געוואָרען אַן אָפּטער גאַסט אין׳ם וואַלד שטי־בעל, וואו שפּעטער צו טאַטע מיט איהר געשטעלט אַ חופּה און דער רבי איז געווען דער מסדר קדושין.

איך בין פאַרבליבען נאָך מיין חתונה אין וואַלד שטוב און געהאָלפען מיין שווער אין דער אַרבייט. דורך דער צייט זיינען מיינע עלטערען אָפּגעשטאָרבען, און איך האָב נאָכהער עמיגרירט קיין אַמעריקע און זיך באַזעצט אין האַמילטאָן, וואו מיין ווייב האָט מיר באַשאָנקען מיט עטליכע געראָטענע קינדער, וואו מיר לעבען זיך זעהר גליקליך. מיינע שווער און שוויגער וואוינען טאַקע מיט אונז צוזאַמען, און איך אַליין גיב זיך אָפּ מיט כלל אַרבייט.

אַצינד פרעהט מיך זעהר, וואָס פאַהרענדיג צום קאָנגרעס, זיך געטראָפען מיט אייך, און דערצעהלט מיין לעבענס געשיכטע, ווי אַזוי אַ מענש קען אַמאָהל קריגען זיין „זיווג״ אפילו ניט ויסענדיג ווי אַרומער. אפילו אין ווילדערניש.

זינט יענער צייט, שוין גענוג יאָהרען פאַרלאָפען ווי מיר לעבען זיך זעהר גליקליך, ווי מיין פרוי טראָגט דעם רבינ׳ס קוויטעל איינגענעהט אינ׳ם זעלבען זעקעלע ווי איך האָב עס אַמאָהל איינגענעהט. דאָס זאָגט זי איז ביי איהר אַ „סגולה״ וואָס גאָט האָט איהר צוגעשיקט איהר „באַשערטען״ אַזש אין וואַלד אַריין!.

וואָס זשע מען דאַרף שוין אַראָפּגעהן — מאַכט צו מיר דער האַמילטאָנער איד ביים פאַרענדיגען זיין געשיכטע — מיר׳ן זיך שוין טרעפען ביים קאָנגרעס, וועלען מיר זיך טרעפען. האָט מיר אַ גוטען טאָג, האָט מיר ! . . .

# גרישאַ דער אַפּטייקער

דאָס גאַנצע שטעדטעל איז געגאַנגען כּאַדראַם, ווען די נייעס האָט זיך צעטראָגען, אַז עס געהט זיך עפענען אַן אַפּטהייק, צום ערשטען מאָהל אין דער געשיכטע ביי אונז אין שטעדטעל. ממש קינד און קייט זיינען געלאָפען אָנקוקען די נייע סטראָיעני וואָס האָט זיך געבויעט אין דער סאַמע מיטען פון דער גרויסער גאַס, ביים זייט פון נאָר וואָס אויסבראַקירטען שאָסעי. שוין דאָס גע־הילץ אַליין וואָס מען האָט אַראָפּגעבראַכט פון דער דערבייאיגער שטאָדט און וואָס האָט פאַרנומען אַ היבשען שטיק פּלאַץ אַרום דער צוויי גאַרענדיגער געביידע האָט עדות געזאָגט, אַז דאָס שמעקט מיט אַ ריזיגער מטבעה ביז צום פאַרטיג מאַכען.

דעם גאַנצען טאָג, פון פריה ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין האָבען זיך אַלעמאָהל דאָרטען אידען אַרומגעדרעהט און געהאַלטען אין איין פּלאַנעווען און אין איין מעסטען און אויסרעכענען אויף די פינגער וויפיעל זעקלאַך זאַמד אָדער ציגעל וועט מען דאַרפען אויף דער פאָדערשטער וואַנט. פון די אַרומיגע דריי ווענט האָבען די אידען ווייניגער געזאָרגט ווי פון דער וואַנט, וואָס קומט אַרויס צום סאַמע פּנים פון דער גרויסער גאַס. וועגען אייגענע חשבונות פון חיונה האָט קיינער ניט געטראַכט, אַפילו קיין פּיצעל זאָרג ניט געהאַט. מען איז בלויז געווען פאַרטיפט אין דעם חשבון וואָס דער נייער אַפּטהייק וועט אָפּקאָסטען און אין וויפיעל טויזענטער ער וועט דאַרפען אַריינטרייבען זיין נייעם בעל־הבית. דערצו נאָך ווען אידען זיינען זיך צונויפגעקומען ערשט שבת נאָכ׳ן טשאָלענט, פאַרלעגט מיט די הענט פון הינטען, אין קופּעס ווייז, זיך גע־פּילפּילט מכּוח דאָס „אינווייניגסטע איינשטעלונג״ שוין נאָכדעם ווי דער אַפּטהייק וועט פאַרטיג ווערען, דערויף האָט קיינער קיין באַשטימטען חשבון ניט געקענט מאַכען, צוליב צוויי אורזאַכען. ערשטענס, ווייל עס איז שבת, צווייטענס, ווייל קיינער האָט מיט זיך ניט געהאַט אפילו אַ „קאַרענדאַש״ אָדער פּאַפּיר מיט וואָס

אפצורעכענען, איז טאקע דער חשבון אלע מאהל הענגען געבליבען אהן א רעכענונג, און געבליבען, אז אי״ה איבער אכטאג שבת וועט מען קענען זיך בעסער אויסרעכענען.

און אט אזוי האט עס אנגעהאלטען וואכען לאנג, ביז עס האט אריינגעצויגען העט טיף אין ווינטער אריין. דאמאלסט זיינען אידען שיעור ניט „בדיל הדל״ געווארען צוליעב די גרויסע זאווערוכעס און קעלטען, דערפאר אבער זיינען אידען ניט פויל געווען אפילו זיצענדיג אין שוהל אין מיטען דאווענען, געהאלטען אין איין חשבונ׳ען ווי לאנג און וויפיעל געלט דאס קען נאך אריינטרייבען דעם נייעם אפטהייקער מיט זיין נייער סטראַיעני.

ניט איינמאהל האט זיך שלום דער רויטער דאמסקי שניידער פארשפעטיגט מיט זיינעם א מלבוש נעהען, און ניט געקענט האלטען ווארט און אפברענגען אין צייט, צוליעב׳ן רעכענונג וועגען נייעם אפטהייק, ווי אזוי ער וועט פארענדיגט ווערען און ווי אזוי זיין אויסזעהן וועט זיין. אידען וואס האבען געהאלטען אין פאהרען אויף ירידים, האבען גאנץ אפט פארשפעטיגט, נאר דערפאר וואס זייערע מוחות זיינען תמיד געווען פארטיפט אינ׳ם בויען פון נייעם אפטהייק. נאר ווען דער אפטהייק איז פארטיג געווארען מיט אלע מכשירים, איז פונקט אויסגעפאלען א טאג פון ערב פורים, ווען איבער׳ן גאנצען שטעדטעל טומעלט זיך וועגען שיקען שלח־מנות, זיינען טאקע קליין און גרויס געלאפען צום נייעם אפטהייק איינצוקויפען פארשידענע ארטיקלען לכבוד פורים, און די הויפט אורזאך אנצוקוקען די סטראַיעני און דעם נייעם אפטהייקער.

און ערשט נאך פורים, האבען זיך אידען פון ס׳ניי גענומען דרעהען די מוחות, פון וואנען און פון וועמען וועט דער אפטייקער קענען ציהען זיין חיונה ס׳גאנצע יאהר, ווייל לויט זייער חשבון פון יאהרען לאנג געדענקען זיי ניט, אז עמיצער פון די קבצנים זאל האבען ווען ס׳ניט איז זיך ארויסגעדרעהט פון דחקות און ווערען באַרייכט. בלויז עטליכע געצעהלטע פון זיי וואס זיינען דורך „וועאיגראַזשנע״ בילעטען באַרייכט געווארען. אבער דאס אליין איז ניט געווען גענוג אויסצוהאלטען דעם אפטהייק מיט זיינע גרויסע הוצאות. זיינען שטענדיג אידען געווען אין זארג

פון דעם, דערצו נאך ווען פארביי־געהענדיג די גרויסע גאס, דארטען וואו דער אפטהייק איז געשטאנען און דער אפטייקער, וואס האט געטראגען א גוי׳אישען נאמען — גרישא דער אפטייקער האט ארומגעשפאנט אינווייניג אין אפטהייק, אויסגעפוצט מיט זיין שווארצען קאסטיום, ווייסע מאנקעטען, מיט אן אנגעקראכמאלעטער מענישקע, מיט א הוילען קאפ און גאלדערנע פאנסנע אויפ׳ן נאז, אראפגעהאנגען מיט׳ן גילדערנעם קייטעלע ביים זייט, האבען אידען ניט געקענט פארטראגען און מיט גרויס באדויערונג איהם אריינגעקוקט אין פנים, קנייטשענדיג מיט די אקסלען, ווי איינער פרעגט: פון וואנית און פון וועמען מאכט דער „אויסגעפוצטער פראנט׳׳ זיינע פארדינסטען ?

ווען ס׳איז פאראיבער כמעט א יאהר צייט ווי דער אפטהייק האט זיך געהאלטען ביים פארמאכען, דארף פלוצים אויסברעכען אן עפידעמיע אין שטעדטעל, וואו קינד און קייט זיינען ניט ארויסגעטראטען פון אפטהייק און געהאלטען אין איין לויפען און געבען צולייזען, און דאס אליין האבען אידען ניט געקענט פארשטעהן, ווי אזוי דורך א נס איז דער אפטהייק שטעהן געבליבען, און ביז היינטיגען טאג שטעהט נאך אלץ דער נייער אפטייקער מיט זיין אטפהייק אין מיטען פון דער גרויסער גאס שוין יאהרען לאנג אזוי, וואו עס האט זיך פונקט אנטקעגען איהם ערשט ניט לאנג אנגעהויבען צו בויען נאך א נייער צווייטער אפטהייק, וואו אידען דרעהען זיך פון ס׳ניי דעם קאפ יעדען טאג אין וואך חוץ שבת, וויפיעל געלט די צווייטע נייע סטראיעני וועט אפקאסטען און ווען ער וועט פארטיג ווערען, און די הויפט זאך: צו וואס צוויי אפטהייקען, ווען אפילו איינער איז צופיעל פאר די איינוואוינער— די שטענדיגע קבצנים פון שטעדטעל.

און אט אזוי געהט דאס שטעדטעל ווידער כאדראם און גיט ניט קיין רוה די ארימע לייט וואס דרעהען זיך תמיד דעם קאפ וועגען פרעמדע חשבונות, אבער ניט פון זיך ! . . .

# אַ חתונה אויף שפּאַס

איך ווייס ניט ווי איהר — מאַכט צו מיר אַ איד, פאַהרענ־דיג אין באַהן — עפּעס ווען ס׳דערמאַנט זיך פון דער אַלטער היים, פיהלט זיך אַזאַ זיסקייט, אַזאַ מאָדנער געשמאַק, פּונקט ווי ס׳וואָלט נאָר וואָס געשעהן. איכ׳ל אייך פאַר אַ טשיקאַוועסט דערצעהלען אַ מעשה וואָס האָט ביי אונז אין שטעדטעל אַמאָהל געטראָפען:

שוין אין דערינען אַ קנאַפּע פופציג יאָהר, נאָר ווי זאָגט מען: אַ נאַרישקייט געדענקט זיך! ווי באַקאַנט האָבען אידען אַלעמאָהל אַ געשמאַק צום אידישען טעאַטער, דערצו נאָך אין יענע יאָהרען ביי אונז אין דערהיים אין די קליינע שטעדטלאַך, וואו קיין שום אַקטיאָר האָט זיך קיינמאָהל ניט אַראָפּגעלאָזט צו אונז שפּילען טעאַטער, און ס׳האָט זיך פאַרט געוואָלט זעהן טעאַטער שפּילען, איז מען געפאַלען אויף אַ געדאַנק: מ׳וועט אַליין מוזען ווערען די אַקטיאָרען און אַליין פאַר זיך שפּילען טעאַטער. באַקומען ערגעץ אַ ביכעל פון גאָלדפאַדען, זיך פאַרזאַמעלט אין אַ גרויסער הויז ביי עמיצען פון די שכנים, גענומען איינשטודירען די ראָלען און ס׳איז אַוועק אַ סדרה פון שפּילען טעאַטער, וואו יונגע בחורים און מיידלאַך זיינען זיך צוזאַמענגעקומען און באַוויזען וואָס זיי קענען. דערצו איז מען נאָך געקומען קוקען אויף בילעטען. ס׳הייסט קיין ריכטיגע בילעטען איז קיינמאָהל ניט געווען, נאָר פּשוט׳ע אָנגעשוירענע שטיקלאַך פּאַפּיר, און ביים אַריינגאַנג פון טיר דערלאַנגט יעדען אַ שטיקעל פּאַפּיר אין האַנט אַריין און באַקומען גאַנצע פינף קאָפּיקעס דערפאַר.

איך געדענק אפילו — מאַכט צו מיר דער איד — וואָס ס׳איז דאַמאָלסט געשפּילט געוואָרען. מ׳האָט געשפּילט אברהם גאָלד־פאַדענס „די צוויי קוני־לעמעלס״. אַלס די כלה איז געווען פאַר־שטעלט מיט אַ חופּה־קלייד, איינע אַ מויד, שוין אַ ריכטיגע כלה טאַקע — מלכה חנה, דעם שענקער׳ס טאָכטער, צוזאַמען מיט איהר

ריכטיגען חתן שייע זלמן — אלס דער ערשטע קוני לעמעל, און דעם צווייטען קוני לעמעל האט מען גענומען סתם אויף חוזק, איינעם א צעדרעהטען בחור, וואס האט געהייסען הערשעל עצי־לייזער מלך׳ס, און ער האט דאס באדארפט צו זיין דער פארש־טעלטער צווייטער קוני־לעמעל. ווען ס׳איז געקומען צום רעכטען געדיכטען ווי מ׳דארף די כלה מקדש זיין, האבען חברה לצים זיך געלאזען וואוילגעהן אויף שפאס, גענומען א „קרייקע״ ס׳הייסט א בענדיל פון א שטיק אפגעשניטענעם געוואנט, געהייסען הערש־לען דעם צעדרעהטען ארומנעמען דערמיט דער כלה. זייגער ארום דער טאליע, געזאגט מיט איהם די ברכה פון „הרי־את״ און צע־בראכען א גלעזעל און איהם אפגעגעבען מזל־טוב, וואו דער פאר־זאמעלטער עולם האט זיך ממש געקייכט פון געלעכטער, און ס׳האט שוין געהייסען, אז די מויד וואס ער האט מקדש געווען איז זיין געזעצליכע ווייב.

נאר וואס ווייסט א שטייגער דער צעדרעהטער הערשעל. מ׳האט איהם געהייסען זי ארומנעמען און קושען, האט ער גע־פאלגט, און דער עולם האט געשפאסט און געלאכט ביז׳ן אהיים געהן ווען מען האט פארענדיגט ס׳שפילען, ווי דער צווייטער קוני לעמעל, דער צעדרעהטער הערשעל איז צוגעקומען און גענומען זיין ווייבעל ביים האנט און זיך געלאזען פון זאל ארויס, וואו אלע אנוועזענדע האבען שיעור געפלאצט לאכענדיג. דערווייל איז אונטערגעקומען טאקע דער ריכטיגער חתן איהרער, דער ערשטער פארשטעלטער קוני לעמעל און זי געוואלט נעהמען אונטערן האנט, ווי דער צווייטער קוני לעמעל האט זי פעסט געהאלטען און ניט צורוה געלאזען, און אט אזוי געארעמט בייביידע זייטען די צוויי קוני לעמעלס איז די כלה־מויד איבער׳ן גאס געפיהרט געווארען וואו די הילכיגע געלעכטערס האבען זיך צעטראגען אין דער לופטען פון די גאסען. ווי געשיקט זיך, דער ריכטיגער חתן בחור האט זי טאקע אהיים געפיהרט, נאר דער צעדרעהטער הערשעל, בלויז אויסגעלאכט און אפגעשפעט געווארען און מיט בושה אהיים איינער אליין אוועק.

צומארגענס, האט דאס גאנצע שטעדטעל ממש געקאכט און

געשטורעמט. קענען אבער מענשען ניט בלייבען אהן א שטאד ארבייט. האט מען גענומען איינרעדען דעם צעדרעהטען הערשלען אז דאס איז ניט געווען קיין שפאס, ניט קיין טעאטער שפיל, נאר טאקע אז אין דער אמת׳ן איז מלכה־חנה זיין געזעצליכע ווייב, „כדת משה וישראל״. מ׳האט איהם געהייסען געהן צום רב איהם דערצעהלען דעם גאנצען אמת, און אז זי קען ניט געהן אונטער דער חופה מיט איהר אייגענעם חתן איידער זי באקומט ניט א „גט״ פון הערשלען! . . .

דאס שטעדטעל איז געגאנגען ממש כאדאראם מיט דער חתונה אויף שפאס. נאר ווען ס׳איז פאראיבער עטליכע וואכען דערין און חתן־כלה האבען זיך געקליבען חופה האבען, האט טאקע גאנץ שעהן דער רב ערקלערט, אז ער גיט ניט „חופה וקדושין״ ביז זי זאל ניט פריהער אפ׳גט׳ן הערשלען. צו ערשט האט זי טאקע געמיינט אז דער רב שפאסט אזוי, נאר ווען דער רב האט גענומען איינ׳טענה׳ן גאנץ ערנסט, האבען זיי איינגע־זעהן, אז ס׳איז שוין גאר ניט קיין שפאס. נאר ווען מ׳האט גע־נומען רעדען צו הערשלען מכוח א גט געבען, האט ער גע׳טענה׳ט אז ער וויל פון גאר ניט וויסען. ער ווייסט בלויז אז די מויד איז זיין ריכטיגע ווייב, אפילו ניט פאררעכענט פאר זיין כלה . . .

פון געלעכטער איז געווארען אז ערנסטער ענין אזוי אז זיי האבעןביידע, ס׳הייסט מלכה־חנה מיט איהר חתן געמוזט פאר־לאזען דאס שטעדטעל און אוועק פאהרען קיין אמעריקע, וואו ערשט דארטען אין אמעריקע געשטעלט א חופה, און אפוואוינענ־דיג עטליכע יאהר מיט איהר מאן, דארף זיך טרעפען אן אומגליק ווי ער זאל קראנק ווערען, אפקרייינקען עטליכע וואכען און שטאר־בען. ערשט דאמאלסט האט מלכה־חנה זיך אריינגענומען אין קאפ א געדאנק, אז דאס שטראפט זי גאט דערפאר, פאר יענעם שפאס וואס זי האט געמאכט פון צעדרעהטען הערשלען.

דארף זיך טרעפען אין יאהרען שפעטער, ווי דער צעדרעה־טער הערשעל קומט קיין אמעריקע, הויבט אן צו פארדינען גוטע געלט און עפענט א פאבריק פון העמדער און הויבט אן פיהרען גרויסע געשעפטען. דארף זיך פונקט מאכען אזוי, ווי ס׳קומט

אריין אַ פרוי פרעגען פאַר אַרבייט, און הערשעל דערקענט אין איהר זיין אַמאָהליגע כלה אויף שפּאַס. ס׳האָט ניט גענומען לאַנג ווי הערשעל האָט מיט איהר באַנייט פון ס׳ניי באַקאַנטשאַפט, ווי זי האָט פאַר איהם אויסדערצעהלט איהר ביטער האַרץ וועגען איהר טראַגישען לעבען און אין וואָכען שפּעטער, האָט הערשעל מיט זיין געוועזענער כלה אויף געלעכטער — חופה געהאַט טאַקע אויפסניי און זי מקדש געווען ניט מיט אַ בענדעל פון געוואַנט, נאָר טאַקע מיט אַ גוטען טייערען פינגערעל, וואו זיי לעבען זיך זעהר זעהר גליקליך.

ווען דער איד האָט פאַרענדיגט זיין דערצעהלונג איידער מיר זיינען אַרונטער פון באַהן — זאָגט ער צו מיר — יעצט זעהט איהר שוין מיין פריינט, ווי אַ מענש טאָר ניט שפּאַסען און אָפּחוזק׳ן פון אַ צווייטען, ווי מ׳קאָן קיינמאָהל ניט וויסען ריכטיג ווי די צייט זאָל דעם מענשען צודינען, וואָרום ווען וואָלט דען געקענט איינפאַלען אַ געדאַנק מיט אַזוי פיל יאָהרען צוריק, ווי דער שיקזאַל קען פיהרען מיט׳ן מענשען, און וואָס עס קען דערפון אַרויסקומען, אַז פון אַ חתונה אויף שפּאַס, זאָל גאָר מיט יאָהרען שפּעטער אַרויסקומען צו אַזאַ פּאַסירונג, וואָס זאָל גאָר פיהרען צו גליק און צו אַ גוטען אמת׳ן פאַמיליען לעבען.

דער באַהן האָט זיך אָפּגעשטעלט און דער איד האָט גענומען זיין טשאַמעדאַן מיט׳ן באַגאַזש, מיר געזאָגט אַ גוטען־טאָג און איז פאַרשוואונדערן, און פאַר מיר האָט זיין דערצעהלונג געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק וואָס לאָזט זיך געדענקען . . .

# פאַהרענדיג אויפ'ן שיף

(לעבענסבילד)

די רייזע אויפ'ן שיף פון ניו־יארק ביז אויסטראַליע האַט אונז גענומען עטליכע וואכען צייט. די וואסערען ערטערווייז זיינען געווען שטילע. די כוואַליעס האבען אַזוי ניט געוואַרפען אונזער שיף. בין איך אין אַ געוויסען זוהניגען פריה־מאַרגען ארויס אויפ'ן דעק פון שיף און זיך אַנגעשפאַרט ביים פאַרענציע, ארויסנעמענדיג אַ פאַפיראסעל און פאַררויכערט. שטעה איך מיר אַזוי רוהיג און געלאַסען און לאַז דעם רויך געהן אויף די שפרייזענדע כוואַליעס פון ים.

כ'האַב דערפיהלט אַ וואַרימקייט פון אַ האַנט, וואַס האַט אַרומגענומען מיין אַקסעל. זיך אומקוקענדיג האַב איך דערזעהן מיינעם אַ פריינט וואס מיר האבען זיך באַקענט באַלד ביים ערשטען אַרויפקומען אויפ'ן שיף, און מיר האבען זיך פריידיג באַגריסט און זיך צוגעזעצט אין די דערבייאיגע זיץ פלעצער, און זיך צערעדט פון פאַרשידענע וועלט זאַכען, און מיין פריינטשאַפט מיט איהם איז אַזוי צעוואַקסען פאַר די עטליכע טעג פאהרענדיג אויפ'ן שיף, האַב איך געבעטען מיר דערצעהלען זיינע דורכלעבונגען, וואס איהם איז אויסגעקומען אין זיין לעבען מיטצומאַכען.

נאַך אַלס יונגער אינגעל — פאַנגט ער אַן מיר דערצעהלען — האַט ער דורכגעלעבט אַ פאַסירונג, וואס ער וועט עס קיינמאהל אין זיין לעבען ניט פאַרגעסען. דאס איז שוין אַ חשבון כמעט אַ פופציג יאַהר אין דעם, ווי זיי האבען דאַן געוואוינט אין אַ שטעדטעל אין רומעניע. זיין פאַטער האַט געהאַלטען אַ שניט קראַם. איז זיין פאַטער, אויסער וואס ער האַט געהאַט מענשען וואס פלעגען איהם ברענגען סחורה'ס, אויך פון צייט צו צייט אַליין אַרויספאַהרען אין די גרעסערע שטעדט איינהאַנדלען וואס געווען נויטיג צום געשעפט, און איינמאַל אין אַ מיטען זומער, האַט מיין פאַטער איינגעשפאַנט זיין קארעטע. ער פלעגט

אַלעמאַל פאָהרען מיט אונזער לאַקעי, דער לאַנג יאָהריגער דינער וואָס האָט אַנגעטריבען די פערד. נאָר דאָס מאָל האָט ער מיט זיך געפיהרט זעהר אַ סך געלט אין זיין טאַש, האָט ער ניט גע־וואָלט אַז אימיצער זאָל וויסען דערפון, האָט ער מיך מיטגענומען ס'ערשטע מאָל אין מיין לעבען אַנצוקוקען די וועלט אָדער אפשר גאָר פאַר אַ שומר ? ווער האָט געקענט וויסען ?

די נאַכט איז געווען זעהר אַ שעהנע, ס'האָט פאַרשמעקט די זאַפטיקע ריחות פון די פעלד גראָזען, אויסגעשטערענט איז געווען מיט אַ קלאָרער גרויסער לבנה, וואָס האָט אַראָפּגעקוקט און אונז באַגלייט דעם גאַנצען וועג. פאָהרען מיר אַזוי צוזאַמען, און דער טאַטע זינגט זיך אונטער אַ חזנ'ישען גיגונדעל פון שטאָדט־חזן, און איך ליג איינגעקליאַמערט און וואַרעם זיך אַרום טאַטענ'ס זייט. און מיט מיינע קליינע קינדערשע אויגעלאַך ליג איך און באַטראַכט גאָטס שעהנע זומער נאַטור . . . פון די גרינע שמעקענדיגע פעל־דער און פון די לאַנגע סאָסנאָווע און בעריאָזעווע בוימער, וואָס שטעהען אויסגעצויגען אין זייער גאַנצער הויך און לענג, וואָס דאַכט זיך, מיט זייערע שפּיצען דערגרייכען זיי אַזש ביז צום הימעל.

ס'דערהערט זיך ס'פייפען, פון ערגעץ אַ לויפענדער באַהז, אָבער מיר ווייסען ניט פון וואָס פאַר אַ זייט זי קומט אָן. ווייל ביינאַכט, ס'ווידער קול וואָס קלינגט אָפּ, איז זעהר שווער צו דערקענען. פאָהרען מיר זיך אַזוי, איך מיט'ן טאַטען — און דער באַהן לויפט שנעל פאַרביי מיט אַזאַ ריזיגען אימפעט און קראַפט. און איך באַמערק ווי עפּעס א שאַטען קוקט מיר אויס — פון ווייטענס — שאַרט זיך אַזוי דורך די בוימער און די טעלעגראַף־סלופּעס און ווערט אַלץ נעהנטער צו אונז.

— איך פרעג דעם טאַטען צי ער זעהט אויך וואָס איך — און ער קוקט זיך אום, און באַמערקט עפּעס ווי א געשטאַלט ווערט אַלע מאָל נעהנטער צו אונז. און מיין קינדערשער מוח פאַנגט אָן זיך צו שרעקען פאַר די מעשה'לעך וואָס איך האָב געלייענט וועגען ים רויבער אָדער פעלד גזלנים. און עס נעמט ניט לאַנג און א מענש מיט אַ פּאָר גזלנישע אויגען, הייסט אונז

שטעהן בלייבען און ציהט אַרויס אַ גרויסען לאַנגען מעסער פון זיינע שטיוועל חאַליעוועס, און הייסט אונז פאָהרען נאָך זיין באַפעהל . . .

— איהר קענט זיך קוים פאַרשטעלען, מאַכט צו מיר מיין פריינט — ווי אַזוי איך מיט׳ן טאַטען האָבען דאַן געפיהלט . . . מיר האָבעןביידע אַ וואָרט ניט גערעדט און זיך געקירעוועט ווי דער גזלן האָט אונז באַפוילען. ס׳האָט זיך ניט געהערט ערגעץ אפילו אַ שאָרך פון אַ פאַרבייפאָהרער. און אונטער דעם מאַרשרוט פון רוצח זענען מיר שטעהן געבליבען — אין אַ זייטיגען וועג פון אַ גרויסען געדיכטען וואַלד. וואו די שיין פון אַ קליינער ליכט האָט ארויסגעבליצט פון אַ שטיבעלע און אונז, מיך מיט׳ן טאַטען אַהין אריינגעפיהרט.

דאָס הייזעל איז געווען מעהר אין דרערד ווי אויף דער ערד. אויף די ווענט זיינען געווען באַהאַנגען פאַרשידענע קאָוויאַרען קאַלירטע פון מענער און פרויען. געשטאַנען אָרימע, שמוציגע מעבעל און אַ מיטעלער מאַן מיט אַ פרוי, מיט ביסטרע שאַרפע בליקען, וואָס האָבען געמאַכט פאַרגליווערט אונזער בלוט. האָבען אונז אַראָפגעצויגען די קליידער. און ביים אַראָפנעהמען פון טאַטען זיין טאַש, ווי דאָס געלט איז געווען האָבען זייערע אויגען גענומען אַזש פינקלען מיט מערדערישע פרייד. און גלייך דעם טאַטען געהייסען זיך מיט מיר געזעגענען און איהם אָפגעפירט אין אַ זייטיגען צימער.

איך בין געבליבען זיצען אין ציטערניש אויף אַ הילצערנער באַנק, און די מינוטען האָבען זיך פאַר מיר גענומען אויסציהען ווי יאָהרען לאַנג. כ׳האָב דערהערט פאַרשטיקטע קרעכצען און מיין קינדעריש האַרץ האָט אין מיר געפלאַטערט פון גרויס שרעק. איך האָב זיך געבעטען ביי די רוצחים מיך פיהרען צום טאַטען... און קאַלטבלוטיג זיינען זיי געזעסען אין דרייען און געצעהלט דעם טאַטענס שווער פאַרהאַרעוועטע געלט — און צו מיין קינ־דערשען געבעט זיך אפילו ניט געוואָלט צוהערען.

זיצענדיג איינגעקאָרטשעט אין דרייען האָב איך אפילו ניט געפיהלט ווי אַזוי איך האָב איינגעדרימעלט.

שוין מיט'ן טאָגליך ווערען אין דרויסען איז וואַלד האָט אָנגעהויבען בלוי צו ווערען האָט מיך אויפגעוועקט אַ קראַך פון אַ ביקס וואָס האָט אויסגעשאָסען.

אַרויסקוקענדיג דורך'ן קליינעם פענסטערעל האָב איך געזעהן ווי פּאָליציאַנטען זענען געשטאַנען מיט ביקסען און אריינגעשאָסען אין אונזער תפיסה שטיבעל, און שטאַרק צושראָקען האָב איך מיך פאַרשאַרט אין אַ ווינקעל און איבערגעדעקט מיט די אָנגעוואָרפענע שמאַטעס פון דער ערד.

ס'האָט זיך דערהערט אַן אויפרייס פון טיר און אַ סך פּאָליציאַנטען זענען געשטאַנען ארום מיר און מיך אויפגעהויבען, געטוליעט און געגלעט איבער'ן קאָפּ. און די באַנדיטען האָבען זיי ארומגעבונדען מיט שטריק. איינער פון זיי — וואָס האָט מיך מיט'ן טאַטען אַהין געבראַכט איז געטראָפען געוואָרען פון אַ קול און אַ גוסס'דיגער האָט ער געהאַלטען ביים אויסגעהן.

— איך האָב מיך היסטעריש שטאַרק צעוויינט און זיך נאָכגעפרעגט פאַר'ן טאַטען.

אין אַ געפעהרליכען צעשמעטערטען אויסזעהן האָבען זיי מיין טאַטען אַרויסגעבראַכט און אויף זייער פּאָליצייאישען וואָגען אַרויפגעלייגט. און צוזאַמען אויך מיטגענומען די רוצחים און ביי אַ קורצען פּראָצעס וואָס אין געריכט איז פאָרגעקמען — זיי צו אייביגער טורמע פאַרמשפּט.

זיך אָפּמוטשענדיג עטליכע טעג אין אַ גסיסה'דיגען צושטאַנד איז מיין פאָטער געשטאָרבען. — און מיין מוטער האָט איבערגענומען די שניט קראָם אונטער איהר השגחה.

ס'האָט אָבער לאַנג מיין מוטערס פיהרערשאַפט ניט געקענט אָנהאַלטען ווייל פון די שרעקליכע געשעהענישען אין מיין פאָטער'ס לעבען האָט שטאַרק געווירקט אויף איהרע נערווען. אין כמעט ווייניגער ווי אַ יאָהר האָט זי די געשעפטען אויפגעגעבען. אַלעס פאַרקויפט, און צוזאַמען מיט מיין מוטער און צוויי עלטערע שוועסטער אַרויסגעפאָהרען קיין בעלגיע — און זיך באַזעצט אין אַנטווערפען, וואו מיין מוטערס אַ שוועסטער האָט דאָרט שוין פון יאָהרען געוואוינט. אָבער איך בין דאָרט לאַנג ניט פאַר־

בליבען. ווען איך בין אונטערגעוואקסען, קוים צוואנציק יאהר אלט געווארען — אפגעפאהרען קיין אויסטראליע און זיך באַזעצט אין מעלבורן.

די ערשטע צייט, ווי אלע אריבער געקומענע, קיין האניג ניט געלעקט און געטהון פארשידענע ארבייט. אבער מיט דער צייט זיך דערשלאגען צו א פיינער שטעלע, אין א זייד געשעפט, וואו איך פארנעהם ס׳פלאץ אלס טראוולינג סיילסמאן. און אפטמאהל קומט מיר אויס ארום צו פאהרען וועגען געשעפט אין פארשידענע לענדער.

זייענדיג איינמאהל אין טשילי, בראזיליע, האב איך מיך צופעליג באקאנט מיט א מיידעל, איהר פאטער איז א קליידער פאבריקאנט, און ס׳האט לאנג אונזער פריינטשאפט דורך בריף ניט אנגעהאלטען, און מיר האבען געהייראט. אבער, וואוינען וואוין איך טאקע אין מעלבורן אוסטראליע, וואו כ׳האב מיין מוטער און מיינע צוויי שוועסטער, שוין פארהייראט נאך אין אנטווערפען. אריבער געבראכט צו מיר, וואו מיר לעבען צוזאַמען זעהר גוט.

מיט מיין יעצטיגער רייזע צוריק קיין אויסטראליע, האב איך באזוכט אמעריקע און אויך קאנאדע וועגען געשעפטען פאר מיין פירמע, און אלעס קוקט אויס צו זיין גוט און וואויל, אבער דער פאטער מיינער האט דעם נחת אין מיר ניט דערלעבט צו זעהן ! . . .

איך האב נאך מיט מיין פריינט פיעל פארבראכט פאהרענדיג אויפ׳ן שיף ביז מיר זיינען געקומען קיין אויסטראליע. און ביים געזעגענען זיך געגעבען די הענט, צו פארבלייבען אייביגע אויפריכטיגע פריינט ! . . .

# אַ דאַנק

איך דריק אויס אַ דאַנק צו מיינע גוטע פריינט פאַר זייער אַפּרוף וועגען אַרויסגעבען מיין צווייטען בוך „בילדער פון לעבען", סיי צו די יעניגע וואָס זייערע נעמען ווערען ניט דערמאָנט און צו די פריינט וואָס זייערע נעמען ווערען דאָ דערמאָנט :

מאָריס האַרט, ק.ס., מ.ל.א.
סעמועל מאָסקאָוויץ, פּרעז. בני ברית אָף קענעדע.
לואיס פיטש, ק.ס.
מייקעל רובינשטיין, אַדוואָקאַט
דאָקטאָר בראָטמאַן
לואיס באָס, קאָונסילאָר
אברהם אָסטראָף, פּרעז. מלביש ערומים סאָסייעטי
בייטען דעסקין, סופּערינטענדענט מושב זקנים
דוד הייקין, פּרעז. מייל־ענד פריה לאָאַן
טשאַרלס פּ. פּאָדלאַן, אַסאָשיאייט אין סייענס.
באָב דרעבין, זשורנאַליסט, גוועלף, אָנטעריאָ
פיליפּ בערקאָוויץ, באָסטאָן, מאַס.
דזשיי. מגיד, לאָס־אַנדזשעלאָס, קאַליפאָרניאָ
י. זעליגמאַן, טאָראָנטאָ, אָנטעריאָ

י. שובערט
בען דרעבין
האַרן ברידער
אַהרן קאָרנבליט
אברהם קאָרנבליט
סאָל פּעלז
העריס קליגמאַן
אייב קליגמאַן
מ. קופּערבערג
א. איידעלמאַן
אפרים ליובער

העריס ראָזענפעלד
סעם ראָזענפעלד
ראובן פינסקי
לואי סיגעל
שלמה פיש
ב. מאַלקאָוו
לואי ראָזענטהאַל
העריס האַלענדזשער
חיים עטקאָוויטש
דן קליינס
סעם פוינט

הערי קערין
יצחק בן ר' אברהם
מרדכי גאראנדז
מארקוס ראמען
ס. סאלאמאן
סידני גרינבערג
א. בערלין
דזשיי שטערנפעלד
אברהם ווינעק
י. ראזענבערג
ישעהו דוד גראס
בעריל שטערנטהאל
נחמיהו ליבאף
יצחק בראט
סעם מיניוק
בעני שטערנטהאל
משה עטקאוויץ
משה פיינשטיין
אהרן אמדורסקי
פען מארק
אייב קושנער
ישראל דאקס
מ. שאטאן
יוסף שאפירא
סיטי לאמבער
אברהם בירברייער

זלמן ווייזער
ר. סאנדערס
ז. ס. קראכמאלניק
ש. גאמער
ל. סינגער
הערי לייבאוויץ
יעקב סטאבער
אייזיק מעלאן
בן־ציון זוסמאן
שלמה קאך
אירווינג סילווער
דעני סילווער
שמואל וויטענבערג
אברהם שווארץ
משה יוסף שאפפער
שמואל וואלדמאן
אהרן הירשביין
סעם אסיד
ס. טאמארין
סעם דרעבין
מ. בלאך
חאצקעל בעלאף
ליא קייגען
אירווינג פאסאף
דזשיימס נחום בעלאן
סעם וואסערמאן